י. סטאלין

# פראגן פון לעניניזם

אידיש—ל. גאלדבערג

פארלאג „שול און בוך“, מאסקווע, 1926

# צו די פראגן פון לעניניזם.

## (אנשטאָט אַן אריינפיר).

פאר איינעם פון די גרונט־טיילן פונם דאָזיקן זאמלבוך דארף מען רעכענען די בראָשור „וועגן די יעסוידעס פון לעניניזם“ *). דידאָזיקע בראָשור איז צום ערשטן מאָל דערשינען קימאַט מיט צוויי יאָר צוריק, אין אַפּריל 1924 יאָר. איצט דערשיינט זי אינם דאָזיקן זאמלבוך אין אַ צווייטער אויפלאגע. פאַר די צוויי יאָר איז זיך אַסאַך פארלאָפן: די פארטיי האָט איבערגעלעבט צוויי דיסקוסיעס, עס איז ארויסגעלאָזן געוואָרן אַ גאנצע ריי בראָשורן און האנטביכער וועגן לעניניזם, עס האָבן זיך געשטעלט אין טאָג־אָרדענונג נייע פּראַקטישע פראגן פון סאָציאַליסטישער בויאונג. ס'פארשטייט זיך, אז די נייע פראגן, וואָס זיינען אויפגעקומען פאר די צוויי יאָר, ווי אויך די רעזולטאַטן פון די דיסקוסיעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך דעם, ווי די בראָשור איז דערשינען, האָבן ניט געקאָנט דיסקאנטירט ווערן אין דערדאָזיקער בראָשור. ס'פאַרשטייט זיך אויך, אַז די קאָנקרעטע פראַגן פון אונזער בויאונג (נעפּ, מעלוכע־ קאפּיטאַליזם, די פראגן פון מיטעלן פויער א.א.וו.) האָבן ניט געקאָנט אין דער פּור מאָס באַלויכטן ווערן אין אַ קליינער בראָשור, וואָס שטעלט פאָר „אַ קאָנספּעקטיוון אויסלייג פון די יעסוידעס פון לעניניזם“. דידאָזיקע און צו זיי ענלעכע פראגן האָבן געקאָנט באַלויכטן ווערן בלויז אין די וויטערדיקע בראָשורן פונם מעכאַבער („די אָקטיאבר־רעוואָלוציע און די טאַקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן“, „צו די סאכאַקלען פון דער פערצנטער פּארטיי־קאָנפערענץ“, „פראגן און ענטפערן“ **) א.א.וו.) וועלכע זיינען

*) אַף אידיש דערשינען אין פארלאג „שול און בוך“ אין 1924 יאָר.—איבערז.

**) די צוויי לעצטע בראָשורן דערשינען אין אידיש אין 1925 יאָר. די ערשטע דערשיינט אין איצטיקער אויפלאגע.—איבערז.

אריין אינם איצטיקן זאמלבוך און זיינען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט ד גרונט־האַנאַכעס, וואָס זיינען איבערגעגעבן אין דער ערשטער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פון לעניניזם". דערדאָזיקער אומשטאַנד באַרעכטיקט פולקום דאָס דערשיינען פונם איצטיקן זאַמלבוך, וועלכער שטעלט פאָר אַזוי אַרום אַן איינהייטלעכע און גאַנצע אַרבעט איבער די פראַגן פון לעניניזם.

די לעצטע דיסקוסיע אויפן פערצנטן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל פון דער אידעאָלאָגישער און בויערישער אַרבעט פון דער פאַרטיי פאַרן לעצטן פעריאָד, פאַרן פעריאָד פונם דרייצנטן ביזן פערצנטן צוזאַמענפאָר. זי האָט צוזאַמען מיט דעם געגעבן אַ געוויסע אויספּרובירונג פון די האַנאַכעס, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין זייער צייט דורך דער נייער אָפּאָזיציע. איז דערלויבט צו פרעגן: ווי זעען אויס די סאַכאַקלען פון דעראָזיקער אויספּרובירונג?

# I. דעפיניציע פון לענינ־יזם.

אין דער בראשור: „וועגן די יעסוידעס פון לענינ־יזם“ איז געגעבן א באוואוסטע דעפיניציע פון לענינ־יזם, וועלכע האט, ווי ס'זעט אויס, באקומען בירגער־רעכט. זי לויטעט:

„לענינ־יזם איז דער מארקסיזם פון דער עפאכע פון אימפעריאליזם און פראלעטארישער רעוואלוציע. פינקטלעכער: לענינ־יזם דאס איז די טעאריע און טאקטיק פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע איבערהויפט, די טעאריע און די טאקטיק פון דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט באזונדערס“.

צי איז ריכטיק דידאזיקע דעפיניציע?

איך מיין, אז זי איז ריכטיק. זי איז ריכטיק, ערשטנס, דערפאר, וואס זי ווייזט ריכטיק אן אף די היסטארישע ווארצלען פונם לענינ־יזם, כאראקטעריזירנדיק אים ווי מארקסיזם פון דער *עפאכע פון אימפעריאליזם*, אלס קעגנגעוויכט צו אייניקע לענינס קריטיקער, וועלכע האלטן פאלש, אז דער לענינ־יזם איז אנטשטאנען נאך דער אימפעריאליסטישער מלחמה. זי איז ריכטיק, צווייטנס, דערפאר, וואס זי פארצייכנט ריכטיק דעם אינטערנאציאנאלן כאראקטער פונם לענינ־יזם, אלס קעגנגעוויכט צו דער סאציאל־דעמאקראטיע, וועלכע האלט, אז דער לענינ־יזם איז אנווענדבאר בלויז אין די נאציאנאל־רוסישע אומשטענדן. זי איז ריכטיק, דריטנס, דערפאר, וואס זי פארצייכנט ריכטיק דעם ארגאנישן בונד צווישן דעם לענינ־יזם מיט דער לערע פון מארקסן, כאראקטעריזירנדיק אים, אלס *מארקסיזם* פון דער עפאכע פון אימפעריאליזם, אלס קעגנגעוויכט צו אייניקע קריטיקער פונם לענינ־יזם, וועלכע האלטן אים ניט פאר קיין ווייטערדיקע אנטוויקלונג פונם מארקסיזם, נאר בלויז פאר א ווידעראויפשטעלונג פון מארקסיזם און פאר זיינע א צופאסונג צו דער רוסישער ווירקלעכקייט.

עס וואָלט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דאָס אַלץ נויטיקט זיך ניט אין קיין באַזונדערע קאָמענטאַרן.

דאָך ווייזט זיך ארויס, אַז אין אונזער פּאַרטיי זיינען פאַראַן כאַוויי־רים, וועלכע האַלטן פאַר נויטיק צו דעפינירן דעם לעניניזם אביסל אַנ־דערש. אָט, לעמאָשל, כ׳ זינאָוויעוו מיינט, אַז:

„לעניניזם — איז מאַרקסיזם פון דער עפּאָכע פון אימפּעריאַ־ליסטישע מילכאָמעס און פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אומיטלבאַר אָנגעהויבן אין אַ לאַנד, אין וועלכן עס פּרעוואַלירט דאָס פּויערטום*) (זע כ׳ זינאָוויעווס אַרטיקל „באָלשעוויזם אָדער טראָצקיזם“, „פּראַוו־דאַ“ פון 30 נאָיאַבר—24 יאָר).

וואָס קאָנען באַדייטן די ווערטער, וואָס זיינען אונטערגעשטראָכן דורכן כ׳ זינאָוויעוו? וואָס באַטייט ארייגפירן אין דער דעפיניציע פונם לעניניזם די אָפּגעשטאַנענקייט פון רוסלאַנד, זיין פּויערישן כאַראַק־טער?

דאָס באַטייט פאַרוואַנדלען דעם לעניניזם פון אַ אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער לערע אין אַ פּראָדוקט פון דער רוסישער אייגנאַרטי־קייט.

דאָס באַטייט שפּילן צו גונסטן באַוערן און קאַוטסקין, וועלכע לייק־קענען אָפּ די טויגבאַרקייט פונם לעניניזם פאַר אַנדערע, קאַפּיטאַליסטיש מער אַנטוויקלטע, לענדער.

אַוואַדע האָט די פּויערשע פראַגע פאַר רוסלאַנד די וויכטיקסטע באַדייטונג, אַוואַדע איז אונזער לאַנד אַ פּויערישע. אָבער וואָס פאַר אַ באַדייט קאָן האָבן דערדאָזיקער פאַקט פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון די יעסוידעס פון לעניניזם? צי דען האָט זיך דער לעניניזם אויסגעאַרבעט בלויז אַפּן באָדן פון רוסלאַנד און פאַר רוסלאַנד, און ניט אַפּן באָדן פון אימפּעריאַליזם, ניט פאַר די אימפּעריאַליסטישע לענדער ביכלאַל? צי דען איז אַזוינע ווערק לענינס, ווי „אימפּעריאַליזם“, „מעלוכע און רעוואָלו־ציע“, „די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי“, „די קינדערשע קרענק פון לינקייט“ א.א.וו. האָבן אַ באַדייטונג בלויז פאַר רוסלאַנד און ניט פאַר אַלע אימפּעריאַליסטישע לענדער ביכ־לאַל? צי דען איז דער לעניניזם ניט קיין פאַראַלגעמיינערונג פון דער דערפאַרונג פון רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון אַלע לענדער? צי

*) אונטערגעשטראָכן דורכן כ׳ זינאָוויעוו.— י. סט.

דען זיינען די יעסוידעס פון דער טעאָריע און טאַקטיק פונם לעניניזם ניט טויגבאר, ניט קיין מוז פאר די פראָלעטארישע פארטייען פון א ל ע לענדער? צי דען איז לענין געווען ניט גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אז „דער באָלשעוויזם טויג אלס מוסטער פון טאַקטיק פ א ר א ל ע ־ מ ע ן*) (זע ב. XV ז. 503)? צי דען איז לענין געווען ניט גע־רעכט, ווען ער האָט גערעדט וועגן דער א י נ ט ע ר נ א צ י אָ נ א ל ע ר ב א ד י י ט ו נ ג*) פון דער ראטנמאכט און פון די יעסוידעס פון באָלשעוויסטישער טעאָריע און טאַקטיק" (זע ב. XVII ז. 116)? צי דען זיינען ניט ריכטיק, למשל, דידאָזיקע ווערטער לענינס:

„אין רוסלאנד מוז זיך די דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט אומפארמיידלעך אונטערשיידן דורך אייניקע באזונדערהייטן אין פארגלייך מיט די פאָרגעשריטענע לענדער, צוליב דער זייער גרויסער אָפּגעשטאַנענקייט און קליינבירגערלעכקייט פון אונזער לאנד. אָבער די גרונט־קויכעס—און די גרונט פאָרמען פון געזעל־שאפטלעכער ווירטשאפט—זיינען אין רוסלאנד די זעלביקע, ווי אין יעדן קאפּיטאליסטישן לאנד. א ז ו י א ז ד י ד א ָ ז י ק ע ב א ז ו נ ד ע ר ־ ה י י ט ן ק א ָ נ ע ן ב ע ש ו ם א ו י פ ן ז י ך נ י ט ב א צ י ע ן צ ו ם ס א מ ע א י ק ע ר*) (זע ב. XVI ז. 348).

נאָר אויב דאָס אלץ איז ריכטיק, צי איז דען דערפון ניט געדרונגען, אז די דעפיניציע פונם לעניניזם, וועלכע עס גיט ח' זינאָוויעוו, קאָן ניט אנערקענט ווערן פאר א ריכטיקע?

ווי קאָן מען צונויפּפּאסן דידאָזיקע נאציאָנאל־באגרעניצטע דעפי־ניציע פונם לעניניזם מיט אינטערנאציאָנאליזם?

## II. דער איקער אינם לעניניזם.

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פון לעניניזם" ווערט געזאָגט:

„אייניקע מיינען, אז דער איקער אינם לעניניזם איז די פּויערשע פראגע, אז דער אויסגאנגס־פּונקט פונם לעניניזם איז די פראגע וועגן פּויערטום, וועגן זיין ראָלע, זיין ספּעציפישן געוויכט. דאָס איז אבסאָלוט ניט ריכטיק. די איקער־פראגע אינם לעניניזם, זיין אויסגאנגספּונקט איז ניט די פּויערשע פראגע, נאָר די פראגע וועגן דער דיקטאטור פונם פּראָלעטאריאט, וועגן די באדינגונגען פאר דעראָבערן זי, וועגן די באדינגונגען פאר איר פארפעסטיקונג. די

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

פויערשע פראגע, אלס פראגע וועגן דעם פארבינדעטן פונם פראלעטאריאט אין זיין קאמף פאר דער מאכט — איז שוין א רעזולטאטיווע פראגע".

צי איז ריכטיק דידאזיקע האנאכע?

איך מיין, אז ריכטיק. דידאזיקע האנאכע דרינגט פולקום ארויס פון דער דעפיניציע פונם לעניניזם. ווייל בעעמעס, אויב דער לעניניזם איז די טעאריע און טאקטיק פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע, און דער איקער אינהאלט פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע איז די דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, — איז קלאר, אז דער איקער אינם לעניניזם באשטייט אין דער פראגע וועגן דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, אין דער פאנאנדערארבעטונג פון דערדאזיקער פראגע, אין דער באגרינדונג און קאנקרעטיזירונג פון דערדאזיקער פראגע.

און דאך איז כ' זינאוויעוו, ווייזט אויס, ניט מאסקים מיט דערדאזיקער האנאכע. אין זיין ארטיקל: „צום אנדענק פון לענינען" זאגט ער:

„די פראגע וועגן דער ראלע פונם פויערטום, איז, ווי איך האב שוין געזאגט, די גרונט־פראגע*) פונם באלשעוויזם, פונם לעניניזם" (זע „פראוודא" נומער 35 פון 13 פעווראל 1924 יאר).

דידאזיקע האנאכע פונם כ' זינאוויעוו דרינגט, ווי איר זעט, אינגאנצן ארויס פון דער ניט ריכטיקער דעפיניציע פונם לעניניזם, וואס כ' זינאוויעוו האט געגעבן.

צי איז ריכטיק לענינס טענות וועגן דעם, אז די דיקטאטור פונם פראלעטאריאט איז דער „גרונט־אינהאלט פון דער רעוואלוציע" (זע ב.
XV ז. 447)? אומבאדינגט ריכטיק. צי איז ריכטיק דער טענות וועגן דעם, אז לעניניזם איז די טעאריע און טאקטיק פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע? איך מיין, אז ריכטיק. אבער וואס איז דערפון געדרונגען? דערפון איז געדרונגען, אז די גרונט־פראגע פונם לעניניזם, זיין אויסגאנגס־פונקט, זיין פונדאמענט איז די פראגע וועגן דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט.

צי איז עס ניט ריכטיק, אז די פראגע וועגן אימפעריאליזם, די פראגע וועגן דעם שפרונגארטיקן כאראקטער פון דער אנטוויקלונג פונם אימפעריאליזם, די פראגע וועגן דעם ניצאכן פונם סאציאליזם אין איין לאנד, די פראגע וועגן דער מעלוכע פונם פראלעטאריאט, די פראגע וועגן דער סאוועטישער פארם פון דערדאזיקער מעלוכע, די פראגע וועגן דער

*) אונטערגעשטראכן פון מיר. — י. סט.

ראָליע פון דער פּאַרטיי אין דער סיסטעם פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, די פראַגע וועגן די וועגן פון בויען דעם סאָציאַליזם — אַז דידאָזיקע אַלע פראַגן זיינען פאַנאַנדערגעאַרבעט געוואָרן גראַד דורך לענינען? איז עס דען ניט ריכטיק, אַז גראַד דידאָזיקע פראַגן בילדן דעם יעסאָד, דעם פונדאַמענט פון דער אידיי פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט? איז עס דען ניט ריכטיק, אַז אָן דער פאַנאַנדעראַרבעטונג פון דידאָזיקע פראַגן וואָלט דאָס פאַנאַנדעראַרבעטן די פּויערשע פראַגע פון שטאַנדפּונקט פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט געווען אומדענקבאַר?

ניטאָ וואָס צו ריידן, — לענין איז געווען אַ קענער פון דער פּויערשער פראַגע. ניטאָ וואָס צו ריידן, — די פּויערשע פראַגע אַלס פראַגע וועגן דעם פאַרבינדעטן פונם פּראָלעטאַריאַט האָט די וויכטיקסטע באַדייטונג פאַרן פּראָלעטאַריאַט און איז אַ באַשטאַנד־טייל פון דער גרונט־פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. צי איז דען אָבער ניט קלאָר, אַז ווען פאַרן לענינעיזם וואָלט ניט שטיין די גרונט־פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָלט אויך ניט געווען די רעזולטאַטיווע פראַגע וועגן דעם פאַרבינדעטן פונם פּראָלעטאַריאַט, די פראַגע וועגן פּויערטום? איז דען ניט קלאָר, אַז ווען פאַרן לענינעיזם וואָלט ניט שטיין די פּראַקטישע פראַגע וועגן דעראָבערן די מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט, וואָלט אויך ניט געווען קיין פראַגע וועגן אַ בונד מיטן פּויערטום?

לענין וואָלט ניט געווען דער גרעסטער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָג, וואָס אַזאַ איז ער אָן צווייפל, ער וואָלט געווען אַ פּאָשעטער „פּויערשער פילאָזאָף“, אָט ווי עס מאָלן אים ניט זעלטן די אויסלענדישע ליטעראַרישע קליינבירגער, ווען די באַאַרבעטונג פון דער פּויערשער פראַגע וואָלט ער געפירט ניט אַ ף דער באַזע פון טעאָריע און טאַקטיק פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר פאַרביי דערדאָזיקער באַזע, אויסער דערדאָזיקער באַזע.

איינס פון דיביידע:

אָ ד ע ר די פּויערשע פראַגע איז די איקער־פראַגע אינם לענינעיזם, און דעמאָלט טויג ניט דער לענינעיזם, איז ער ניט קיין מוז פאַר קאַפּיטאַליסטיש אַנטוויקלטע לענדער, פאַר לענדער, וואָס זיינען ניט קיין פּויערשע;

אָ ד ע ר דער איקער אינם לענינעיזם איז די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, און דעמאָלט איז דער לענינעיזם אַ אינטערנאַציאָנאַלע לערע פון די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, וואָס טויג און איז אַ מוז פאַר אַלע

לענדער אָן אויסנאַם, דערוגטער אויך פאַר די קאַפּיטאַליסטיש אנט־וויקלטע.

דאָ דאַרף מען אויסקלייבן.

## III. די פראַגע וועגן „פּערמאַנענטער" רעוואָלוציע.

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פון לעניניזם" ווערט די „טעאָריע פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" אָפּגעשאַצט, אלס „טעאָריע", וואָס דערשאַצט ניט די ראָלע פונם פּויערטום. דאָרט ווערט געזאָגט:

„לענין האָט מילכאָמע געהאַלטן מיט די אָנהענגער פון דער „פּערמאַנענטער" רעוואָלוציע ניט צוליב דער פראַגע וועגן אָנויפּ־הערלעכקייט, ווייל לענין אליין איז געשטאַנען אפן שטאַנדפּונקט פון דער אָנויפּהערלעכקייט פון דער רעוואָלוציע, נאָר צוליב דעם. וואָס זיי האָבן ניט דערשאַצט די ראָלע פונם פּויערטום, וואָס איז דער גרעסטער רעזערוו פונם פּראָלעטאַריאַט".

דידאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פון די רוסישע „פּערמאַנענט־לייט" האָט זיך ביז דער לעצטער צייט גערעכנט פאַר אַן אַלגעמיין־אָנערקענטע. און דאָך, האָגאַם זי איז אין אַלגעמיין אַ ריכטיקע, קאָן זי פונדעסטוועגן ניט אנערקענט ווערן פאַר קיין אויסשעפּנדיקע. די דיסקוסיע פון 1924 יאָר פון איין זייט, און דער זאַרגזאַמער אַנאַליז פון לענינס ווערק, פון דער אַנדערער זייט, האָבן באַוויזן, אַז דער טאָעס פון די רוסישע „פּערמאַ־נענט־לייט" איז באַשטאַנען ניט נאָר אין ניט דערשאַצן די ראָלע פונם פּויערטום, נאָר אויך אין ניט דערשאַצן די קויכעס און די פעאיקייטן פונם פּראָלעטאַריאַט צו פירן נאָך זיך דאָס פּויערטום, אינם ניט גלויבן אין דער אידיי פון העגעמאָניע פונם פּראָלעטאַריאַט.

דעריבער איז אין מיין בראָשור „די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און די טאַקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן" (דעקאַבער 1924 יאָר) האָב איך פאַרברייטערט דידאָזיקע כאַראַקטעריסטיק און איך האָב זי פאַרביטן אָף אַן אַנדערע, אַ מער פולע. אָט וואָס וועגן דעם איז געזאָגט אין דער־דאָזיקער בראָשור:

„ביז איצט פלעגט מען געוויינלעך פאַרצייכענען איין זייט פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" — דאָס ניט גלויבן אין די רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן פון דער פּויערשער באַוועגונג. איצט מוז מען, פון יושער וועגן, צוגעבן צו דערדאָזיקער

זייט נאָך אַ צ ו ו י י ט ע זייט, — דאָס ניט גלויבן אין די קויכעס און פעאיקייטן פונם פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד".

דאָס באַטייט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז דער לעניניזם איז געווען אַדער ער איז קעגן דער אידיי פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע אַן גענזנפּיס־לעך, די אידיי, וועלכע עס האָט פּראָקלאָמירט מאַרקס אין די פערציקער יאָרן פונם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. פאַרקערט, לענין איז געווען דער איינציקער מאַרקסיסט, וועלכער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען און אַנט־וויקלט די אידיי פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע. דער אונטערשייד צווישן לענינען און די „פּערמאַנענט־לייט" אין דערדאָזיקער פראַגע באַשטייט דערין, וואָס די „פּערמאַנענטלער" האָבן פאַרקריפּלט מאַרקס אידיי פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע, האָבן זי פאַרוואַנדלט אין לעבנסלאָזע ספּאַרימדיקע כאָכמע, ווען לענין האָט זי גענומען אין איר ריינער פאָרם און האָט זי געמאַכט פאַר איינעם פון די יעסוידעס פון זיין טעאָריע פון רעוואָלוציע. מע דאַרף געדענקען, אַז די אידיי וועגן דעם איבערוואַקסן פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אין אַ סאָציאַליסטישע רעוואָ־לוציע, וואָס לענין האָט געגעבן נאָך אין 1905 יאָר, איז איינע פון די פאָר־מען פון פאַרקערפּערן די מאַרקסישע טעאָריע פון פּערמאַנענטער רע־וואָלוציע. אָט וואָס לענין האָט געשריבן מיקויעך דעם נאָך אין 1905 יאָר:

„פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע וועלן מיר פונדעסט־וועגן אָנהויבן אריבערגיין, און גראַד לויט דער מאָס פון אונזער קויעך, פונם קויעך פונם באַוואוסטזיניקן און אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט, וועלן מיר אָנהויבן אריבערגיין צו דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. מ י ר ז ײ נ ע ן פ א ר אַ ן אָ נ ו י פ ה ע ר ל ע כ ע ר ר ע ו ו אָ ־ ל ו צ י ע*). מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אף האַלב וועג. ניט אַריינפאַלנדיק אין אוואַנטוריזם, ניט פאַראַטנדיק אונזער וויסנ־שאַפטלעכן געוויסן, ניט יאָגנדיק זיך נאָך ביליקער פּאָפּולערקייט, קאָנען מיר זאָגן און זאָגן בלויז א י י ן ז א ך: מיר וועלן מיט אַלע קוי־כעס מיטהעלפן דעם פויערטום צו מאַכן די דעמאָקראַטישע רעוואָלו־ציע, כ ד י ע ס ז אָ ל װ אָ ס ל י י כ ט ע ר ז י י ן פאַר אונז, פאַר דער פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, אַריבערצוגיין ווי ווייט מעגלעך

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

גיבער צו אַ נייער און העכערער אויפגאַבע — צו דער סאָציאַליסטי־
שער רעוואָלוציע" (זע ב. VI, ז. ז. 449—450) *)

און אַט וואָס לענין שרייבט אַף דערדאָזיקער טעמע אין זעכצן יאָר
ארום, נאָך דעם, ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט דערקעמפט די מאַכט:

„די קאַוטסקיס, הילפערדינגס, מאַרטאָווס, טשערנאָווס,
הילקוויטס, לאָנגעס, מאַקדאָנאַלדס, טוראַטיס און די איבעריקע
העלדן פונם „צווייי מיט אַ האַלביקן" מאַרקסיזם האָבן ניט געקאָנט
פאַרשטיין... די פאַרהעלטעניש צווישן דער בורזשואַז־דעמאָקראַטי־
שער און פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישער רעוואָלוציעס. די
ערשטע וואַקסט אַריבער אין דער אַנדערער**).
די צווייטע לייזט פאַרבייגייענדיק די פראַגן פון דער ערשטער. די
צווייטע פאַרפעסטיקט די זאַך פון דער ערשטער. קאַמף און נאָך
קאַמף באַשליסט, אַף וויפל עס גיט זיך איין דער צווייטער איבער־
צואוואַקסן די ערשטע" (זע ב. XVIII ט. I ז. 363).

איך מאַך באַזונדערס אויפמערקזאַם אַף דער ערשטער ציטאַטע,
וואָס איז גענומען פון לענינס אַרטיקל „די באַציאונג פון דער סאָציאַל־
דעמאָקראַטיע צו דער פויערשער באַוועגונג", וועלכער איז פאַרעפנטלעכט
געוואָרן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1905 יאָר. איך שטרייך עס אונטער צו
קענטעניש פון די כאַוויירים, וועלכע האַלטן נאָך אַלץ אין איין טאַינען, אַז
לענין איז קלוימערשט געקומען צו דער אידיי וועגן דעם אַריבערוואַקסן
פון דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע אין דער סאָציאַליסטי־
שער רעוואָלוציע, צו דער אידיי פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע, נאָך דער
אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, אַן ערעך, אין 1916 יאָר. דידאָזיקע צי־
טאַטע לאָזט ניט איבער קיין שום ספייקעס, אַז דידאָזיקע כאַוויירים האָבן
אַ טיפן טאָעס.

## IV. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

אין וואָס באַשטייען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער פּראָ־
לעטאַרישער רעוואָלוציע אין אונטערשייד פון דער בורזשואַזער רעוואָ־
לוציע?

*) אין אידיש: באַנד II טייל ערשטער (ערשטע רעוואָלוציע 1905—1907), ז. ז.
255—256.

**) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

דער אונטערשייד צווישן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און דער בורזשואַזער רעוואָלוציע וואָלט מען געקאָנט סומירן אין פינף גרונט־פּונקטן:

1) די בורזשואַזע רעוואָלוציע הויבט זיך געוויינלעך אָן, ווען עס זיי־נען שוין פאַראַן מער אָדער ווייניקער גרייטע פאָרמען פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער אָרדענונג, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן און צייטיק געוואָרן אינעווייניק אין דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט נאָך ביז דער אָפענער רעוואָ־לוציע, בעשאַס די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע הויבט זיך אָן באַם פעלן אָדער קימאַט באַם פעלן פון גרייטע פאָרמען פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

2) די איקער־אויפגאַבע פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע באַשטייט אין פאַרכאַפּן די מאַכט און צופּאַסן זי צו דער פאַראַנענער בורזשואַזער עקאָנאָמיק, בעשאַס די איקער־אויפגאַבע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָ־לוציע באַשטייט דערין, אַז פאַרכאַפּנדיק די מאַכט, זאָל מען אויפבויען אַ נייע, סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיק.

3) די בורזשואַזע רעוואָלוציע פאַרענדיקט זיך געוויינלעך מיטן פאַרכאַפּן די מאַכט, בעשאַס פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע איז דאָס פאַרכאַפּן די מאַכט בלויז דער אָנהויב אירער, דערביי ווערט די מאַכט אויסגענוצט, ווי אַ הויבער אַף איבערצובויען די אַלטע עקאָ־נאָמיק און אָרגאַניזירן אַ נייע.

4) די בורזשואַזע רעוואָלוציע באַנוגנט זיך מיט פאַרבייטן באַ דער מאַכט איין עקספּלואַטאַטאָרישע גרופּע דורך אַ צווייטער עקספּלואַטאַטאָ־רישער גרופּע, דעריבער נויטיקט זי זיך ניט אין צעברעכן די אַלטע מעלו־כע־מאַשין, בעשאַס די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע נעמט אַראָפּ פון דער מאַכט אַלע און אַלערליי עקספּלואַטאַטאָרישע גרופּן און שטעלט באַ דער מאַכט דעם פירער פון אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע, דעם קלאַס פון פּראָלעטאַריער, דעריבער קאָן זי זיך ניט באַגיין אָן צעברעכן די אַלטע מעלוכע־מאַשין און אָן פאַרבייטן זי אַף אַ נייע.

5) די בורזשואַזע רעוואָלוציע קאָן ניט צוזאַמענהעפטן אַרום דער בורזשואַזיע אַף אַ וויפל ניט איז דויערדיקן פעריאָד מיליאָנען אַרבעטנ־דיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן דערפאַר, ווייל זיי זיינען אַרבעטנ־דיקע און עקספּלואַטירטע, בעשאַס די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע קאָן און דאַרף זיין פאַרבונדן מיטן פּראָלעטאַריאַט אין דויערדיקן בונד טאַקע אַלס אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע, אויב זי וויל אויספילן איר איקער־

אויפגאבע צו פארפעסטיקן די מאכט פונם פראָלעטאריאט און אויפבויען
א נייע, סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיק.

אָט זיינען אייניקע לעניגס גרונט־האנאָכעס מיקוייעך דעם:

„איינער פון די איקערדיקע אונטערשיידן, — זאָגט לענין, —
צווישן דער בורזשואזער און סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע באשטייט
דערין, וואָס פאר דער בורזשואזער רעוואָלוציע, וועלכע וואקסט
שטענדיק ארויס פונם פעאָדאַליזם, ווערן די נייע עקאָנאָמישע אָר־
גאַניזאציעס באשאפן בעהאדראגע אין שויס פון דער אַלטער אָרדע־
נונג דורך דער אנטוויקלונג אפילע בלויז פון די האנדלס־באציאונ־
גען, וועלכע ענדערן בעהאדראגע אַלע זייטן פון דער פעאָדאַלער גע־
זעלשאפט. פאר דער בורזשואזער רעוואָלוציע איז געשטאַנען בלויז
איין אויפגאבע: אָראָפּראַמען, אָראָפּוואַרפן, צעשטערן אַלע קייטן
פון דער פריערדיקער געזעלשאפט. אויספילנדיק דידאָזיקע אויפגאַ־
בע, פילט יעדע בורזשואזע רעוואָלוציע אויס אַלץ, וואָס פון איר
פאָדערט זיך, ווייל אין סאכאקל באשאפט זי די סכוירע־פּראָדוקציע
און פארשטארקט דעם וואוקס פונם קאפּיטאַליזם. אין א גאנץ אַנדע־
רער לאַגע שטייט די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע. וואָס מער אָפּגע־
שטאַנען עס איז דאָס לאַנד, וועלכן עס איז אדאנק די זיגזאַגן פון
דער געשיכטע אויסגעקומען אָנצוהייבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע,
אַלץ שווערער איז פאר אים דער איבערגאנג פון די אַלטע קאפּיטאַ־
ליסטישע פארהעלטענישן צו סאָציאַליסטישע. צו די אויפגאַבן פון
צעשטערן קומען דאָ צו נייע, אומדערהערט שווערע אויפגאבן —
די אָרגאַניזאציאָנעלע" (זע ב. XV ז. 124).

„ווען די פאָלק־שאפונג, — זעצט פאָר לענין, — פון דער רו־
סישער רעוואָלוציע, וועלכע איז דורכגעגאנגען דורך דער גרויסער
דערפארונג פון 1905 יאָר, וואָלט ניט באשאפן די ראטן נאָך אין
פעווראל פון 1917 יאָר, וואָלטן זיי אין קיין פאל ניט געקאָנט נעמען
די מאכט אין אָקטיאבער, ווייל דער ערפאָלג איז אָפּהענגיק פון דעם,
צי עס זיינען פאראן שוין גרייטע אָרגאַניזאציאָנעלע פאָרמען פאר
דער באוועגונג, וועלכע האָט ארומגעכאפּט מיליאָנען. אָט אַזאַ גריי־
טע פאָרם זיינען געווען די ראטן ניט דערפאר, ווייל אין פּאָליטישן
געביט האָבן אונז ערווארט די גלענצנדיקע ערפאָלגן, דער דורכוי־
סיקער טריומף־מארש, וועלכן מיר האָבן איבערגעלעבט, נאָר דער־
פאר, ווייל די פּאָליטישע נייע פאָרם איז שוין געווען גרייט און

אונז איז געבליבן בלויז דורך אייניקע דעקרעטן צו פאַרוואַנדלען די ראַטנמאַכט פון דעם עמבריאָנאַלן צושטאַנד, אין וועלכן זי האָט זיך געפונען אין די ערשטע כאַדאָשים פון דער רעוואָלוציע, אין אַן אָפיציעל אַנערקענטע פאָרם פון דער רוסלענדישער מעלוכע — אין דער רוסלענדישער ראַטן־רעפּובליק" (זע דאָרט, ז. 124—125).

„עס זיינען נאָך געווען פאַרבליבן, — זאָגט לענין, — צוויי ריזיק שווערע אויפגאַבן, וואָס זייער לייזונג איז אין קיין פאַל ניט דער טריומף־מאַרש, מיט וועלכן עס איז געגאַנגען אונזער רעוואָלוציע (זע דאָרט, ז. 125).

„ דאָס איז, ערשטנס, די אויפגאַבע פון אינערלעכער אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטייט פאַר יעטווידער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. דער אונטערשייד צווישן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע און אַ בורזשואַזער באַשטייט טאַקע דערין, וואָס דאָרט זיינען פאַראַן גרייטע פאָרמען פון קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, די סאָוועטישע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אָבער באַקומט ניט דיזאָזיקע פאַרהעלטענישן קיין גרייטע, אויב מע זאָל ניט נעמען די סאַמע אַנטוויקלטע פאָרמען פון קאַפּיטאַליזם, וועלכע האָבן, אין טאָך גענומען, ארומגעכאַפּט בלויז ניט קיין גרויסע אויבערשיכטן פון דער אינדוסטריע און האָבן גאָר ווייניק באַרירט די ערדאַרבעט. די אָרגאַניזירונג פונם דיסקאַנט, דער קאָנטראָל איבער די גרעסטע אונטערנעמונגען, דאָס פאַרוואַנדלען דעם גאַנצן מעלוכישן עקאָנאָמישן מעכאַניזם אין אַן אייגהייטלעכע גרויסע מאַשין, דער ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזם, וועלכער אַרבעט אַזוי, אַז הונדערטער מיליאָנען מענטשן זאָלן אָנגעפירט ווערן לויט איין פּלאַן,—אָט דאָס איז די ריזיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אויפגאַבע, וואָס האָט זיך געלייגט אויף אונזערע אַקסלען. לויט אירע באַדינגונגען גופא האָט זי ניט פאַרטראָגן קיין „הוראַ"־באַשלוס, אָט דעם באַשלוס, דורך וועלכן אונז פלעגט זיך איינגעבן בייצוקומען די אויפגאַבן פונם בירגער־קריג" (זע דאָרט, ז. 125).

„די צווייטע אויפגאַבע איז — די לייזונג פון דער פראַגע וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע. אויב מיר זיינען אַזוי לייכט פאַרטיק געוואָרן מיט קערענסקים באַנדעס, אויב מיר האָבן אַזוי לייכט באַשאַפן די מאַכט, אויב מיר האָבן אָן דער מינדסטער שוועריקייט באַקומען דעם דעקרעט וועגן נאַציאָנאַליזירן די ערד, וועגן אַרבעטער־קאָנטראָל, איז עס נאָך דערפאַר, ווייל די באַדינגונגען

האָבן זיך ספּעציעל אויסגעבילדעט אזוי, אַז זיי האָבן אַף אַ קורצער ווײַלע באַשיצט פונם אינטערנאַציאָנאַלן אימפּעריאַליזם. דער אינ־טערנאַציאָנאַלער אימפּעריאַליזם, וועלכער פאַרמאָגט די מאַכט פונם גאַנצן פאַרייניקטן קאַפּיטאַל און די גאַנצע מאַכט פון קריגס־טעכניק, און שטעלט מיט זיך פאָר אַ ריזיקע רעאַלע קראַפט,—דער אימפּע־ריאַליזם האָט אין קיין פאַל, באַ קיינע באַדינגונגען איינלעבן זיך האָט באַ האַנט מיט דער ראַטן־רעפּובליק ניט געקאָנט סאַי לויט זיין אָביעקטיווער לאַגע, סאַי לויט די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, וועלכער איז אין אים געווען פאַר־קערפּערט, ער האָט עס ניט געקאָנט אויך צוליב די האַנדלס־באַצי־אונגען, צוליב די אינטערנאַציאָנאַלע און פינאַנציעלע פאַר־העלטענישן. דאַן האָט דער קאָנפליקט געשיינט צו זיין אומפאַר־מיידלעך. דאָ ליגט די גרעסטע שוועריקייט פון דער רוסישער רע־וואָלוציע, איר גרעסטע היסטאָרישע פּראָבלעם — די נויטיקייט צו לייזן אויפגאַבן אינטערנאַציאָנאַלע, די נויטיקייט אַרויסצורופן אַ אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע" (זע דאָרט, ז. 126—127).

אָט דאָס זיינען דער אינערלעכער כאַראַקטער און דער איקערדי־קער זין פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

צי קאָן מען אַזאַ גרונטלעכע איבערבויאונג פון די אַלטע, בורזשואַזע פאַראַנדקעס דורכמאַכן אָן אַ רעוואָלוציע איבערגוואַלט, אָן דער דיקטאַ־טור פונם פּראָלעטאַריאַט?

קלאָר, אַז מע קאָן ניט. מיינען, אַז אַזאַ רעוואָלוציע קאָן מען דורכ־מאַכן אַף אַ פרידלעכן אויפן, אין די ראַמען פון בורזשואַזער דעמאָקראַ־טיע, וועלכע איז צוגעפּאַסט צו דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, — הייסט אָדער אַראָפּגיין פון זינען און פאַרלירן די נאָרמאַלע מענטשלעכע באַגריפן, אָדער גראָב און אָפן זיך אָפּזאָגן פון דער פּראָלעטאַרישער רע־וואָלוציע.

די־ראָזיקע האַנאָכע דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן מיט נאָך מער קראַפט און קאַטעגאָרישקייט דערפאַר, ווייל מיר האָבן צו טאָן מיט אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט דערווייל געזיגט נאָר אין איין לאַנד, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט פיינטלעכע קאַפּיטאַליסטישע לענ־דער און וואָס די בורזשואַזיע פון דעם לאַנד קאָן ניט ניט אונטערגעשטיצט ווערן פונם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל.

אָט פאַרוואָס לענין זאָגט, אַז „די באַפרייאונג פונם אונטערדריקטן

קלאַס איז אומעגלעך ניט נאָר אָן אַ איבערגוואַלט־רעוואָלוציע, נאָר אויך אָן דער פאַרניכטונג פון דעם אַפּאַראַט פון מעלוכע־מאַכט, וועלכער איז דורכן הערשנדיקן קלאַס באַשאַפן געוואָרן" (זע ב. XIV ט. II ז. 302).

„זאָל אַפּריער, — זאָגט לענין, — אפילע ווען עס פאַרבלייבט דאָס פּריוואַט־אייגנטום, ד. ה. ווען עס פאַרבלייבט די מאַכט, דער יאָך פונם קאַפּיטאַל, זאָל זיך די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אַרויסזאָגן פאַר דער פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט, — נאָר דאַן קאָן זי און דאַרף „נעמען די מאַכט",—אַזוי ריידן די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן, די פּאַקטישע דינער פון דער בורזשואַזיע, וועלכע רופן זיך אַליין „סאָציאַליסטן" זע ב. XVI ז. 456).

„זאָל אַפּריער, — זאָגט לענין פאַר, — דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט אַראָפּשליידערן די בורזשואַזיע, צעברעכן דעם יאָך פונם קאַפּיטאַל, צעקלאַפּן דעם בורזשואַזן מעלוכישן אַפּאַראַט, — דעמאָלט וועט דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט אָפּגעהאַלטן דעם ניצאָכן, גיך קאָנען צוציען אויף זיין זייט דעם מיטגעפיל און די אונטערשטיצונג פון דער מערהייט אַרבעטנדיקע פון די ניט פּראָלעטאַרישע מאַסן, באַפרידיקנדיק זיי אויפן כעשבן פון די עקספּלואַטאַטאָרן, — זאָגן מיר" (זע דאָרט, ז. 457).

„קעדיי צו געווינען די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אויף זיין זייט, — זעצט פאָר לענין, — דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט, ערשטנס, אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע און פאַרכאַפּן די מעלוכע־מאַכט אין זיינע הענט. ער דאַרף, צווייטנס, איינפירן ראַטנמאַכט, צעקלאַפּנדיק אויף פּיץ־פּיצלעך דעם מעלוכישן אַפּאַראַט, וואָס דערמיט רייסט ער גלייך אַרונטער די הערשאַפט, דעם אַוטאָריטעט, די ווירקונג פון דער בורזשואַזיע און פון די קליינבירגערלעכע פּשאָרע־מאַכער צווישן די ניט פּראָלעטאַרישע אַרבעטנדיקע מאַסן. ער דאַרף, דריטנס, דערשלאָגן די ווירקונג פון דער בורזשואַזיע און פון די קליינבירגערלעכע פּשאָרע־מאַכער צווישן דער מערהייט ניט פּראָלעטאַרישע אַרבעטנדיקע מאַסן דורך דער רעוואָלוציאָנערער באַפרידיקונג פון זייערע עקאָנאָמישע נויטן אויפן כעשבן פון די עקספּלואַטאַטאָרן" (זע דאָרט, ז. 450).

אָט דאָס זיינען די כאַראַקטעריסטישע סימאָנים פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

איז וועלכע זיינען אין צוזאמענהאנג דערמיט די גרונט־שטריכן פון דער דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט, אויב עס איז אנערקענט, אז די דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט איז דער גרונט־אינהאלט פון דער פראָלע־טארישער רעוואָלוציע?

אָט איז די אמערסטן אלגעמיינע דעפיניציע פון דער דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט, וואָס לענין האָט געגעבן:

„די דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט איז ניט קיין סאָף פון קלאסנקאמף, נאָר א פאָרזעצונג פון אים אין נייע פארמען. די דיק־טאטור פונם פראָלעטאריאט איז דער קלאסנקאמף פונם פראָלע־טאריאט, וועלכער האָט געזיגט און האָט גענומען אין זיינע הענט די פאָליטישע מאכט, קעגן דער באזיגטער, אָבער ניט פארניכטעטער, ניט פארשוואונדענער בורזשואזיע, וועלכע האָט ניט אויפגעהערט ארויסצואווייזן א ווידערשטאנד, וועלכע האָט פארשטארקט איר ווידערשטאנד" (זע ב. XVI ז ז 240—241).

דערווידערנדיק קעגן דעם צונויפמישן די דיקטאטור פונם פראָלע־טאריאט מיט דער „אלגעמיין־נאציאָנאלער", „אלגעמיין־אויסגעווייל־טער" מאכט, מיט א „ניט־קלאסאווער", זאָגט לענין:

„דער קלאס, וועלכער האָט גענומען אין זיינע הענט די פאָלי־טישע הערשאפט, האָט ער זי גענומען מיטן באוואוסטזיין, אז ער נעמט זי איינער אליין. דאָס איז איינגעשלאָסן אינם באַ־גריף דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט. דערדאָזיקער באגריף האָט א זין בלויז דעמאָלט, ווען איין קלאס ווייסט, אז ער אליין נעמט צו זיך אין די הענט די מעלוכישע מאכט, און ער נארט ניט אָפּ ניט זיך, ניט אנדערע דורך רייד וועגן אן אלגעמיין־נאציאָנאלער, אלגע־מיין־אויסגעווײלטער, דורכן גאנצן פאָלק געהייליקטער מאכט".

(זע ב. XVIII ט. I ז. 175).

דאָס באטייט ניט, פונדעסטוועגן, אז די מאכט פון איין קלאס, פונם קלאס פראָלעטאריער, וועלכער טיילט זי ניט און קאָן זי ניט טיילן מיט אנדערע קלאסן, נויטיקט זיך ניט צוליב דער פארווירקלעכונג פון אירע צילן אין דער הילף, אינם בונד מיט די ארבעטנדיקע און עקספּלוא־טירטע מאסן פון אנדערע קלאסן. פארקערט, דיזאָזיקע מאכט, די מאכט פון איין קלאס, קאָן פארפעסטיקט ווערן און דורכגעפירט ווערן ביזן סאָף בלויז דורך א באזונדערער פארם פון א בונד צווישן דעם קלאס פראָלע־טאריער מיט די ארבעטנדיקע מאסן פון די קליינבירגערלעכע קלאסן,

פריער פאר אלץ מיט די ארבעטנדיקע מאסן פונם פויערטום.

וואס איז עס פאר א באזונדערע פארם פון א בונד, אין וואס באשטייט זי? צי איז דערדאזיקער בונד פון די ארבעטנדיקע מאסן פון אנדערע ניט פראלעטארישע קלאסן ניט סויסער ביכלאל די אידיי פון דיקטאטור פון איין קלאס?

באשטיין באשטייט זי, דידאזיקע באזונדערע פארם פון א בונד, דערין, וואס די אנפירנדיקע קראפט פונם דאזיקן בונד איז דער פראלעטאריאט. זי באשטייט, דידאזיקע פארם פון בונד, דערין, וואס דער אנפירער פון דער מעלוכע, דער אנפירער אין דער סיסטעם פון דיקטאטור פונם פראלעטאריאט איז איין פארטיי, די פארטיי פונם פראלעטאריאט, די פארטיי פון קאמוניסטן, וועלכע טיילט ניט און קאן ניט טיילן די אנפירונג מיט אנדערע פארטייען.

ווי איר זעט, איז דא די סטירע בלויז א קלוימערשטע, א שיינבארע.

„די דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, — זאגט לענין, — איז א באזונדערע פארם פון קלאסן-בונד*) צווישן דעם פראלעטאריאט, דעם אוואנגארד פון די ארבעטנדיקע, און די פילצאליקע ניט פראלעטארישע שיכטן פון ארבעטנדיקע (די קליינבורזשוואזיע, די קליינע באלעבאטימלעך, דאס פויערטום, די אינטעליגענץ א. א. וו.) אדער דער מערהייט זייערער, א בונד קעגן דעם קאפיטאל, א בונד מיטן צוועק אינגאנצן אראפצואווארפן דעם קאפיטאל, אינגאנצן אונטערצודריקן דעם ווידערשטאנד פון דער בורזשוואזיע און די רעסטאווראציע-פרואוון פון איר זייט, א בונד מיטן צוועק ענדגילטיק צו באשאפן און פארפעסטיקן דעם סאציאליזם. דאס איז א בונד פון א באזונדערן מין, וואס בילדעט זיך אויס אין אן אייגנארטיקער סיטואציע, דעהאינע, אין דער סיטואציע פון ווילדן בירגער-קריג; דאס איז א בונד פון פעסטע אנהענגער פונם קאציאליזם מיט זיינע וואקלדיקע פארבינדעטע, צומאלס מיט „נייטראלע“ (דעמאלט ווערט דער בונד פארוואנדלט פון אן אויסגלייך וועגן קאמף אין אן אויסגלייך וועגן נייטראליטעט), א בונד צווישן קלאסן, וועלכע זיינען עקאנאמיש, פאליטיש, סאציאל, גייסטיק ניט קיין אייגנארטיקע“ *) (זע ב. XVI ז. 240—241.

*) אונטערגעשטראכן דורך מיר. — י. סט.

אין איינעם פון זיינע אינסטרוקטיווע פּאָרטראַגן זאָגט כ׳ קאַמע־נעוו, פּאָלעמיזירנדיק מיט אַזאַ אַרט פאַרשטיין די דיקטאַטור פונם פּראָ־לעטאַריאַט:

„דיקטאַטור איז ניט*) קיין בונד פון איין קלאַס מיט אַ צווייטן". (זע „פּראַוודאַ" נומער 11, פון 14 יאַנוואַר 1925 יאָר).

איך מיין, אַז כ׳ קאַמענעוו האָט דאָ, פריער פאַר אַלץ, אין זינען איין אַרט פון מיין בראָשור „די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און די טאַקטיק פון די רוו־סישע קאָמוניסטן", וואו עס ווערט געזאָגט:

„די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז ניט פּאָשעט אַ רע־גירנדיקע פּניי, וואָס איז „קונציק" „אָפּגעקליבן" דורך דער זאָרג־פולער האַנט פון אַ „געניטן סטראַטעג" און וואָס „שפּאַרט זיך סיינלדיק אָן" אָף די אָדער יענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז אַ אַ קלאַסן־בונד פונם פּראָלע־טאַריאַט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פונם פּויערטום צוליב דער שטיר־צונג פונם קאַפּיטאַל, צוליבן ענדגילטיקן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם, באַ דעם באַדינג, אַז די אָנפירנדיקע קראַפט פון דעמדאָזיקן בונד איז דער פּראָלעטאַריאַט".

איך האַלט איננאַנצן אונטער דידאָזיקע פאָרמולירונג פון דער דיק־טאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווייל איך מיין, אַז זי פאַלט פולקום און אינ־גאַנצן צונויף מיט לענינס נאָר וואָס געבראַכטער פאָרמולירונג.

איך באַהויפּט, אַז כ׳ קאַמענעווס דערקלערונג וועגן דעם, אַז „די דיק־טאַטור איז ניט קיין בונד פון איין קלאַס מיטן צווייטן", וואָס איז געגעבן אין אַזאַ קאַטעגאָרישער פאָרם, — האָט ניט קיין שום שאַיכעס צו דער לענינישער טעאָריע פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

איך באַהויפּט, אַז אַזוי ריידן קאָנען בלויז מענטשן, וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם זין פון דער אידיי פון צוזאַמענשלוס, פון דער אי־דיי פונם בונד פונם פּראָלעטאַריאַט מיטן פּויערטום, פון דער אידיי פון דער העגעמאָניע פונם פּראָלעטאַריאַט אין דעמדאָזיקן בונד.

אַזוי קאָנען ריידן בלויז מענטשן, וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם לענינישן טעזיס וועגן דעם, אַז:

„נאָר אַן אויסגלייך מיטן פּויערטום*) קאָן ראַטעווען די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, קאַלזמאַן

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

עס איז ניט געקומען די רעוואָלוציע אין אַנדערע לענדער". (זע ב. XVIII ט. I ז. 138).

אַזוי קאָנען ריידן בלויז מענטשן, וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען לענינס האַנאָכע וועגן דעם, אַז:

„דער העכסטער פּרינציפּ פון דער דיקטאַטור*) — דאָס איז די פאַרהיטונג פונם בונד צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט מיטן פויערטום, כדי דער פּראָלעטאַריאַט זאָל קאָנען איינהאַלטן די אָנפירנדיקע ראָלע און די מעלוכע־מאַכט". (זע ב. XVIII ט. I ז. 331).

פאַרצייכענענדיק איינעם פון די וויכטיקסטע צילן פון דער דיקטאַטור, דעם ציל פון אונטערדריקן די עקספּלואַטאַטאָרן, זאָגט לענין:

„דער וויסנשאַפטלעכער באַגריף פון דיקטאַטור באַטייט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ מאַכט, וואָס איז מיט קיין זאַך ניט באַגרעניצט, דורך קיינע געזעצן, אַבסאָלוט דורך קלאַלים ניט געענגט, אַ מאַכט, וועלכע שפּאַרט זיך אָן אומיטלבאַר אויף גוואַלט"... „דיקטאַטור באַטייט — נעמט עס איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו קענטעניש, הערן קאַדעטן — אָן אומבאַגרעניצטע מאַכט, וועלכע שפּאַרט זיך אָן אויף קראַפט און ניט אויף געזעץ. בעשאַס אַ בירגער־קריג קאָן יעדע זיגערישע מאַכט זיין נאָר אַ דיקטאַטור". (זע ב. XVII ז. 361 און 365).

אָבער דורך גוואַלט ווערט, פאַרשטייט זיך, ניט אויסגעשעפּט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, האַגאַם קיין דיקטאַטור אָן גוואַלט איז ניטאָ.

„דיקטאַטור, — זאָגט לענין, — באַטייט ניט נאָר גוואַלט, האַגאַם זי איז אומעגלעך אָן גוואַלט; זי באַטייט אויך אָן אָרגאַניזאַציע פון אַרבעט אַ העכערע, ווי די פריערדיקע אָרגאַניזאַציע". (זע ב. XVI ז. 222).

„די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט... איז ניט נאָר אַ גוואַלט איבער די עקספּלואַטאַטאָרן און אַפילע ניט הויפּטזאַכלעך אַ גוואַלט. דער עקאָנאָמישער יעסאָד פאַר דערדאָזיקער רעוואָלוציאָנערער גוואַלט, די גאַראַנטיע פון איר לעבנספעאיקייט און ערפאָלג איז דאָס, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט שטעלט פאָר און פאַרווירקלעכט אַ העכערן טיפּ אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע אין פאַרגלייך מיטן קאַפּיטאַ־

*) אונטערשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

ליזם. דערין באַשטייט דער טאָך. דערין באַשטייט דער קוואַל פון קראַפט און די גאַראַנטיע פונם אומפאַרמיידלעכן פולן ניצחון פונם קאָמוניזם". (זע ב. XVI ז. 247—248)... „דער הויפּט־טאָך אירער (ד. ה. פון דער דיקטאַטור. י. סט.) באַשטייט אין דער אָרגאַניזירטקייט און דיסציפּלינירטקייט פון דער פאָדערשטער מאַכנע אַרבעטנדיקע, פון איר אַוואַנגאַרד, פון איר איינציקן אָנפירער — פונם פּראָלעטאַריאַט. זיין ציל איז באַשאַפן דעם סאָציאַליזם, פאַרניכטן די צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אויף קלאַסן, מאַכן אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט פאַר אַרבעטנדיקע, אָפּנעמען דעם באָדן בײַ יעטווידער עקספּלואַטאַציע פון אַ מענטשן דורך אַ מענטשן. דעם־דאָזיקן ציל קאָן מען ניט פאַרווירקלעכן מיטאַמאָל, ער פאָדערט אַ גענוג דויערדיקן איבערגאַנגס־פּעריאָד פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם, — סײַ דערפאַר, וואָס די איבעראָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע איז א זאַך אַ שווערע, סײַ דערפאַר, וואָס פאַר גרונטלעכע ענדערונגען אין אַלע געביטן פון לעבן דאַרף מען האָבן צייט, סײַ דערפאַר, וואָס די גוואַלדיקע קראַפט פון צוגעוואוינטקייט צום קליינבירגערלעכן און בורזשואַזן באַלעבאַטעווען קאָן באַקעמפט ווערן נאָר אין אַ לאַנגן אַקשאָנעסדיקן קאַמף. דעריבער רעדט טאַקע מאַרקס וועגן אַ גאַנצן פּעריאָד פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אַלס פּעריאָד פון איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם" (זע דאָרט, ז. 226 און 227).

אָט דאָס זיינען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

דערפון שטאַמען די דריי גרונט־זייטן פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט:

1) דאָס אויסנוצן די מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט אויף דערדריקן די עקספּלואַטאַטאָרן, אויף באַשיצן דאָס לאַנד, אויף פאַרפעסטיקן די פאַרבינדונגען מיט די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע לענדער, פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַרן ניצחון פון דער רעוואָלוציע אין אַלע לענדער.

2) דאָס אויסנוצן די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, קעדיי ענדגילטיק אָפּצורייסן די אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן פון דער בורזשואַזיע, קעדיי צו פאַרפעסטיקן דעם בונד פונם פּראָלעטאַריאַט מיט

דידאָזיקע מאַסן, קעדיי אַריינצוציִען דידאָזיקע מאַסן אין דער זאַך פון סאָציאַליסטישער בויאונג, פאַר דער מעלוכישער אָנפירונג פון דידאָזיקע מאַסן מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט.

3) דאָס אויסנוצן די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אַף צו אָרגאַניזירן דעם סאָציאַליזם, אַף צו פאַרניכטן די קלאַסן, אַף אַריבערצוגיין אין אַ געזעלשאַפט אָן קלאַסן, אין אַ געזעלשאַפט אָן אַ מעלוכע.

די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז אַ פאַראייניקונג פון די אַלע דריי זייטן. קיין איינע פון דידאָזיקע זייטן קאָן ניט אַרויסגערוקט ווערן, ווי אַ איינציק כאַראַקטעריסטישער סימען פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, און, פאַרקערט, עס איז גענוג, סע זאָל פעלן כאָטש איינער פון דידאָזיקע סימאָנים, קעדיי די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט זאָל אויפהערן צו זיין אַ דיקטאַטור באַ דער סיטואַציע פון קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג. דעריבער קאָן קיין איינע פון דידאָזיקע זייטן ניט אויסגעשלאָסן ווערן אָן אַ געפאַר צו פאַרקריפּלען דעם באַגריף דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. נאָר די אַלע דריי זייטן צוזאַמען גענומען גיבן אונז אַ פולן און פאַרענדיקטן באַגריף פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט האָט אירע פּעריאָדן, אירע באַזונדערע פאָרמען, פאַרשיידנאַרטיקע מעטאָדן פון אַרבעט. אינם פּעריאָד פון בירגער־קריג וואַרפט זיך באַזונדערס אין די אויגן די גוואַלט־זייט פון דער דיקטאַטור. אָבער דערפון איז קלאָל ניט געדרונגען, אַז אינם פּעריאָד פון בירגער־קריג קומט ניט פאָר קיין שום בויאונגס־אַרבעט. אָן בויאונגס־אַרבעט פירן אַ בירגער־קריג איז אומעגלעך. אינם פּעריאָד פון בויען דעם סאָציאַליזם וואַרפט זיך, פאַרקערט, באַזונדערס אין די אויגן די פרידלעכע, אָרגאַניזאַטאָרישע, קולטורעלע אַרבעט פון דער דיקטאַטור, די רעוואָלוציאָנערע געזעצלעכקייט א. א. וו. אָבער דערפון איז ווידעראַמאָל קלאָל ניט געדרונגען, אַז די גוואַלט־זייט פון דער דיקטאַטור איז אָפּגעפאַלן אָדער קאָן אָפּפאַלן אינם בויאונגס־ פּעריאָד. די אָרגאַנען פון אונטערדריקונג, די אַרמיי און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, זיינען איצט, אינם בויאונגס־מאָמענט, פונקט אַזוי נויטיק, ווי אינם פּעריאָד פון בירגער־קריג. אָן דער אָנוועזנהייט פון דידאָזיקע אָרגאַנען איז אומעגלעך אַ וויפיל ניט איז באַוואָרנטע בויאונגס־אַרבעט פון דער דיקטאַטור. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז די רעוואָלוציע האָט געזיגט דערוויל נאָר אין איין לאַנד. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז קאָלזמאַן עס איז פאַראַן אַ קאַפּיטאַליסטישע

ארומרינגלונג, וועט זיין אויך די געפאר פון אינטערווענץ מיט אלע פאלגן, וועלכע דרינגען ארויס פון דערדאזיקער געפאר.

## V. די פארטיי און דער ארבעטער־קלאס אין דער סיסטעם פון דיקטאטור פונם פראלעטאריאט.

אויבן האב איך גערעדט וועגן דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט פון שטאנדפונקט פון איר היסטארישער אומפארמיידלעכקייט, פון שטאנדפונקט פון איר קלאסן־אינהאלט, פון שטאנדפונקט פון איר מעלוכישער נאטור, ענדלעך, פון שטאנדפונקט פון אירע צעשטערערישע און שעפערישע אויפגאבן, וועלכע ווערן אויסגעפילט אין משך פון א גאנצן היסטארישן פעריאד, וועלכער הייסט פעריאד פון איבערגאנג פון קאפיטאליזם צו סאציאליזם.

איצט דארפן מיר א שמועס טאן וועגן דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט פון שטאנדפונקט פון איר געבוי, פון שטאנדפונקט פון איר „מעכאניזם", פון שטאנדפונקט פון דער ראלע און פון דער באדייטונג פון די „טרייברימענס", „הויבערס" און פון דער ריכטנדיקער קראפט, וואס דער סכום זייערער בילדעט די „סיסטעם פון דיקטאטור פונם פראלעטאריאט" (לענין) און וואס מיט זייער הילף ווערט פארווירקלעכט די טאג־טעגלעכע ארבעט פון דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט.

וואס זיינען עס פאר א „טרייברימענס" אדער „הויבערס" אין דער סיסטעם פון דיקטאטור פונם פראלעטאריאט? וואס איז עס פאר א „ריכטנדיקע קראפט"? צו וואס האט מען זיי געדארפט האבן?

די הויבערס אדער די טרייברימענס—דאס זיינען די מאסן־ארגאניזאציעס פונם פראלעטאריאט, וואס אן זייער הילף איז אומעגלעך די פארווירקלעכונג פון דער דיקטאטור.

די ריכטנדיקע קראפט — דאס איז די פאדערשטע מאכנע פונם פראלעטאריאט, זיין אוואנגארד, וועלכער איז די אנפירנדיקע גרונט־קראפט פון דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט.

דידאזיקע טרייברימענס, הויבערס און די ריכטנדיקע קראפט זיינען דעם פראלעטאריאט נויטיק דערפאר, ווייל אן זיי וואלט ער אין זיין קאמף פארן ניצחון ארויסגעוויזן זיך ווי אן אומבאוואפנטע ארמיי קעגן דעם ארגאניזירטן און באוואפנטן קאפיטאל. דידאזיקע ארגאניזאציעס

זיינען דעם פּראָלעטאַריאַט נויטיק דערפאַר, ווייל אָן זיי וואָלט ער געליטן אָן אומפאַרמיידלעכע מאַפּאָלע אין זיין קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע, אין זיין קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן זיין מאַכט, אין זיין קאַמף פאַר דער בויאונג פונם סאָציאַליזם. די סיסטעמאַטישע הילף פון דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און די ריכטנדיקע קראַפט פונם אַוואַנגאַרד זיינען נויטיק דערפאַר, ווייל אָן דידאָזיקע באַדינגונגען איז אומעגלעך אַ וויפל ניט איז דויערדיקע און פעסטע דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

וואָס זיינען עס פאַר אָרגאַניזאַציעס?

דאָס זיינען, ערשטנס, די פּראָפאַריינען פון די ארבעטער, מיט זייערע פאַרצווייגונגען אין צענטר און אין די ערטער אין דער פאָרם פון אַ גאַנצער ריי פּראָדוקציאָנעלע, קולטורעלע, דערציערישע און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. זיי פאַרייניקן די ארבעטער פון אַלע פּראָפעסיעס. דאָס איז אָן אָרגאַניזאַציע ניט קיין פּאַרטייאישע. די פּראָפאַריינען קאָן מען אָנרופן די אָרגאַניזאַציע פונם אַרבעטער־קלאַס, וועלכער הערשט בא אונז פונם ערשטן ביזן לעצטן. זיי זיינען אַ שול פון קאָמוניזם. זיי טיילן אויס פון צווישן זיך די בעסטע מענטשן פאַר דער אָנפירנדיקער אַרבעט אין אַלע פאַרוואַלטונגס־געביטן. זיי פאַרווירקלעכן דעם בונד צווישן די פאַרגעשריטענע און אָפּגעשטאַנענע אינם באַשטאַנד פונם אַרבעטער־קלאַס. זיי פאַרייניקן די אַרבעטער־מאַסן מיטן אַוואַנגאַרד פונם אַרבעטער־קלאַס.

דאָס זיינען, צווייטנס, די ראַטן מיט זייערע פילצאָליקע פאַרצווייגונגען אין צענטר און אין די ערטער אין דער פאָרם פון אַדמיניסטראַטיווע, ווירטשאַפטלעכע, מיליטערישע, קולטורעלע און אַנדערע מעלוכישע אָרגאַניזאַציעס, פּלוס די אומצאָליקע מענגע אַליין פון זיך געשאַפענע מאַסן־פאַרייניקונגען פון די ארבעטנדיקע, וועלכע באַלייגן אַרום דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס און פאַרייניקן זיי מיט דער באַפעלקערונג. די ראַטן זיינען אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון אַלע אַרבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף. דאָס איז אָן אָרגאַניזאַציע ניט קיין פּאַרטייאישע. די ראַטן זיינען דער דירעקטער אויסדריק פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. דורך די ראַטן גייען דורך אַלע און אַלערליי מאָסמיטלען אַף צו פאַרפעסטיקן די דיקטאַטור און צו בויען דעם סאָציאַליזם. דורך די ראַטן ווערט פאַרווירקלעכט די מעלוכישע אָנפירונג מיטן פויערטום מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט. די ראַטן פאַרייניקן די מיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע מיטן אַוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט.

דאָס איז, דריטנס, די קאָאָפּעראַציע פון אַלע מינים מיט אַלע אירע פאַרצווייגונגען. דאָס איז אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון די אָר־בעטנדיקע, אָן אָרגאַניזאַציע נימ קיין פּאַרטייאישע, וועלכע פאַרייניקט זיי פריער פאַר אַלץ ווי געברויכער און אויך, מיט דער צייט, ווי פּראָדו־צירער (די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע). זי באַקומט אַ באַזונדע־רע באַדייטונג נאָך דער פאַרפעסטיקונג פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלע־טאַריאַט, אינם פּעריאָד פון ברייטער בויאונג. זי פאַרלייכטערט דעם צו־זאַמענבונד צווישן דעם אַוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט מיט די מאַסן פויערטום און באַשאַפט די מעגלעכקייט אַריינצוציען די לעצטע אינם שטראָם פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

דאָס איז, פערטנס, דער יוגנט־פאַרבאַנד. דאָס איז אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעטערשער און פּויערשער יוגנט, אַן אָר־גאַניזאַציע ניט קיין פּאַרטייאישע, נאָר וואָס שטייט צו צו דער פּאַרטיי. איר אויפגאַבע איז — העלפן דער פּאַרטיי אין דער זאַך פון דערציען דעם יונגן דאָר אינם גייסט פונם סאָציאַליזם. זי גיט יונגע רעזערוון פאַר אַלע איבעריקע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פונם פּראָלעטאַריאַט איבער אַלע געביטן פון פאַרוואַלטונג. דער יוגנט־פאַרבאַנד האָט באַקומען אַ באַזונ־דערע באַדייטונג נאָך דער פאַרפעסטיקונג פון דער דיקטאַטור פונם פּראָ־לעטאַריאַט, אינם פּעריאָד פון ברייטער קולטורעלער און דערציערישער אַרבעט פונם פּראָלעטאַריאַט.

דאָס איז, ענדלעך, די פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט, זיין אַוואַנגאַרד. איר קויעך באַשטייט דערין, וואָס זי נעמט אַריין אין זיך אַלע בעסטע מענטשן פונם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע זיינע מאַסן־אָרגאַ־ניזאַציעס. איר באַשטימונג באַשטייט אין פאַראייניקן די אַרבעט פון אַלע אָן אויסנאַם מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פונם פּראָלעטאַריאַט און אין געבן אַ ריכטונג זייערע טאַטן צו איין ציל, צו דעם ציל פון באַפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט. און פאַראייניקן און געבן זיי אַ ריכטונג לויט דער ליניע פון איין ציל איז אַבסאָלוט נויטיק, ווייל אָן דעם איז או־מעגלעך די איינהייטלעכקייט פונם קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, ווייל אָן דעם איז אומעגלעך די אָנפירונג מיט די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין זייער קאַמף פאַר דער מאַכט, אין זייער קאַמף פאַר דער בויאונג פונם סאָצי־אַליזם. אָבער פאַראייניקן און ריכטן די אַרבעט פון די מאַסן־אָרגאַניזאַ־ציעס פונם פּראָלעטאַריאַט איז פעאיק בלויז דער אַוואַנגאַרד פונם פּראָ־לעטאַריאַט, זיין פּאַרטיי. בלויז די פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט, בלויז

די פּאַרטיי פון קאָמוניסטן איז פעאיק אויסצופילן דידאָזיקע ראָלע פונם איקער־אָנפירער אין דער סיסטעם פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. פאַרוואָס?

„דערפאַר, ערשטנס, ווייל די פּאַרטיי איז דער זאמלפּונקט פון די בעסערע עלעמענטן פונם ארבעטער־קלאַס, וואָס האָבן דירעקטע פאַרבינדונגען מיט די אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס פונם פּראָלעטאַריאַט און וואָס זייער אָפט פירן זיי מיט זיי אָן; דערפאַר, צווייטנס, ווייל די פּאַרטיי, אלס זאמלפּונקט פון די בעסערע מענטשן פונם אַרבעטער־קלאַס, איז די בעסטע שול אַף אויסצואַרבעטן לידערס פונם אַרבעטער־קלאַס, וועלכע זיינען פעאיק אָנצופירן מיט אַלע פאַרמען פון אָרגאַניזאַציע פון זייער קלאַס; דריטנס, ווייל די פּאַרטיי, אלס בעסטע שול פון לידערס פונם ארבעטער־קלאַס, איז לויט איר דערפאַרונג און אַווטאָריטעט די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פעאיק צו צענטראַליזירן די אָנפירונג מיטן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט און פאַרוואַנדלען אזוי ארום אַלע און אַלערליי אומפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס פונם ארבעטער־קלאַס אין באַדינענדיקע אָרגאַנען און טרייברימענס, וועלכע פאַרבינדן זי מיטן קלאַס" (זע „וועגן די יעסוידעס פון לענינים").

די פּאַרטיי איז די איקערדיקע אָנפירנדיקע קראַפט אין דער סיסטעם פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

„די פּאַרטיי איז די העכסטע פאָרם פון קלאַסן־פאַראייניקונג פונם פּראָלעטאַריאַט" (לענין).

אַלזאָ: די פּ ר אָ פ א ר יי נ ע ן אַלס מאסן־אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע פאַרבינדט די פּאַרטיי מיטן קלאַס, פריער פאַר אַלץ לויט דער פּראָדוציר־ליניע; די ר אַ ט ן אַלס מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון די ארבעטנדיקע, וועלכע פאַרבינדט די פּאַרטיי מיט אָט די לעצטע, פריער פאַר אַלץ לויט דער מעלוכישער ליניע; די ק אָ אָ פּ ע ר אַ צ י ע אלס מאסן־אָרגאַניזאַציע, הויפּטזאַכלעך פונם פּויערטום, וועלכע פאַרבינדט די פּאַרטיי מיט די פּויערישע מאסן, פריער פאַר אַלץ לויט דער ווירטשאַפטלעכער ליניע, לויט דער ליניע פון אַריינציען דאָס פּויערטום אין דער סאָציאַליסטישער בויאונג; דער י ו ג נ ט־פ א ר־ב אַ נ ד אלס מאסן־אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעטערשער און פּויערשער יוגנט, וואָס איז באַרופן צו פאַרלייכטערן דעם אוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט די סאָציאַליסטישע דערציאונג פונם נייעם דאָר און די אויס־

ארבעטונג פון יונגע רעזערוון; און ענדלעך, די פּאַרטיי אַלס ריכטנדיקע גרונט־קראַפט אין דער סיסטעם פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז באַרופן אָנצופירן מיט דידאָזיקע אַלע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, — אַזאַ איז אין אַלגעמיין דאָס בילד פונם „מעכאַניזם“ פון דער דיקטאַטור, דאָס בילד פון דער „סיסטעם פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט“.

אָן דער פּאַרטיי אַלס איקערדיקע אָנפירנדיקע קראַפט איז אומעגלעך אַ וויפל ניט איז דויערדיקע און פעסטע דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

אזוי ארום, ריידנדיק מיט לענינס ווערטער, „באַקומט זיך, אין אַלגעמיין און אינגאַנצן גענומען, אַ פאָרמעל ניט קאָמוניסטישער, אַ בויגעוודיקער און פּאַרהעלטניסמעסיק ברייטער, גאַנץ מעכטיקער, פּראָלעטאַרישער אַפּאַראַט, וואָס דורך אים איז די פּאַרטיי ענג פאַרבונדן מיטן קלאַס און מיט דער מאַסע און וואָס דורך אים ווערט, באַ דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי, פאַרווירקלעכט די דיקטאַטור פונם קלאַס“ (זע ב. XVI ז. 139).

דאָס באַטייט ניט, פאַרשטייט זיך, אז די פּאַרטיי קאָן אָדער דאַרף פאַרבייטן די פּראָפּאַריינען, די ראַטן און אַנדערע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. די פּאַרטיי פאַרווירקלעכט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. אָבער זי פאַרווירקלעכט זי ניט אומיטלבאַר, נאָר מיט דער הילף פון די פּראָפּאַריינען, דורך די ראַטן און דורך זייערע פאַרצווייגונגען. אָן די דאָזיקע „טרייברימענס“ וואָלט אַ וועלכע ניט איז פעסטע דיקטאַטור געווען אומעגלעך.

„מע קאָן ניט, — זאָגט לענין, — פאַרווירקלעכן די דיקטאַטור אָן עטלעכע „טרייברימענס“ פונם אַוואַנגאַרד צו דער מאַסע פונם פאַרגעשריטענעם קלאַס, פון אים צו דער מאַסע אַרבעטנדיקע“... „די פּאַרטיי נעמט אַריין אין זיך, אַזוי צו זאָגן, דעם אַוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט, און דערדאָזיקער אַוואַנגאַרד פאַרווירקלעכט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. ניט האָבנדיק אַזאַ פונדאַמענט, ווי די פּראָפּאַריינען, קאָן מען ניט פאַרווירקלעכן די דיקטאַטור, קאָן מען ניט אויספילן די מעלוכישע פונקציעס. פאַרווירקלעכן זיי קומט אָבער אויס דורך אַ ריי ספּעציעלע אַנשטאַלטן ווידעראַמאָל פון עפּעס אַ נייעם טיפּ, דהאינע, דורכן*) סאָוועטישן אַפּאַראַט“ (זע ב. XVIII ט. I ז. 8—9).

פאַר דעם העכסטן אויסדריק פון דער אָנפירנדיקער ראָלע פון דער

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י. סט.

פּאַרטיי, לעמאָשל, באַ אונז אין ראַטנפאַרבאַנד, איגם לאַנד פון דיקטאַ־
טור פונם פּראָלעטאַריאַט, דאַרף מען אנערקענען דעם פאקט, וואָס קיין
איין וויכטיקע פּאָליטישע אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלע פראגע ווערט באַ אונז
ניט באַשלאָסן דורך אונזערע סאָוועטישע און אַנדערע מאַסאָווע אָרגאַני־
זאציעס אָן די אָנפירנדיקע אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי. אין דעם
זין וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט
איז, לויטן טאָך, די „דיקטאַטור“ פון זיין אַוואַנגאַרד, די „דיק־
טאַטור“ פון זיין פּאַרטיי, אלס איקערדיקע אָנפירנדיקע קראַפט פונם
פּראָלעטאַריאַט. אָט וואָס לענין האָט געזאָגט מיקויעך דעם אָפן צווייטן
קאָנגרעס פון קאָמינטערן:

„טענער זאָגט, אַז ער איז פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלע־
טאַריאַט, אָבער די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט קומט אויס ניט
אזא, ווי מיר שטעלן זי זיך פאָר. ער זאָגט, אַז אונטער דער דיקטאַטור
פונם פּראָלעטאַריאַט פאַרשטייען מיר, אין טאָך*) גענומען, די
דיקטאַטור פון זיין אָרגאַניזירטער און באַוואוסטזיניקער מינדער־
הייט. און ווירקלעך, אין דער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם, ווען די אַר־
בעטער־מאַסן זיינען אונטערגעוואָרפן דער אָנויפהערלעכער עקס־
פּלואַטאַציע און קאָנען ניט אַנטוויקלען זייערע מענטשלעכע פעאי־
קייטן, איז אַמערסטן כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַרבעטער־
שע פּאָליטישע פּאַרטייען גראָד דאָס, וואָס זיי קאָנען ארומכאַפּן
בלויז אַ מינדערהייט פון זייער קלאַס. די פּאָליטישע פּאַרטיי קאָן
פאַרייניקן בלויז די מינדערהייט פונם קלאַס, פּונקט ווי די ווירקלעך
באַוואוסטזיניקע אַרבעטער בילדן אין יעדער קאַפּיטאַליסטישער
געזעלשאַפט בלויז אַ מינדערהייט פון אַלע אַרבעטער. דעריבער זיי־
נען מיר געצוואונגען צו אנערקענען, אַז בלויז דידאָזיקע באַוואוסט־
זיניקע מינדערהייט קאָן אָנפירן מיט די ברייטע אַרבעטער־מאַסן און
פירן זיי נאָך זיך. אויב כ׳ טענער זאָגט, אַז ער איז אַ סוינע פון דער
פּאַרטיי, נאָר אין דער זעלביקער צייט איז ער דערפאַר, אַז די מינ־
דערהייט פון אַמבעסטן אָרגאַניזירטע און אַמערסטן רעוואָלוציאָ־
נערע אַרבעטער זאָל אָנווייזן דעם וועג דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט,
זאָג איך, אַז קיין שום בילעך צווישן אונז איז אין דער ווירקלעכקייט
ניטאָ“. (ב. XVII ז. 270 ).

צי באַטייט עס פונדעסטוועגן, אַז צווישן דער דיקטאַטור פונם פּראָ־

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

לעטאַריאַט און דער אָנפירנדיקער ראָלע פון דער פּאַרטיי (דער „דיקטאַטור“ פון דער פּאַרטיי) קאָן מען דורכפירן אַ גלייכהייט־צייכן, אַז מע קאָן פאַרזעלביקן די ערשטע מיט דער צווייטער, אַז מע קאָן אונטערשטעלן די צווייטע אַפן אָרט פון דער ערשטער? אַוודאי, ניט. אַוודאי, קאָן מען ניט. אָט, לעמאָשל, כ׳ סאַרין זאָגט, אַז די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז די דיקטאַטור פון אונזער פּאַרטיי". (זע „לענינם לערע וועגן דער פּאַרטיי“ (רוסיש) ז. 95). ווי איר זעט, פאַרזעלביקט דידאָזיקע האַנאַכע די „דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי“ מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. צי קאָן מען, פאַרבלייבנדיק אַפן באָדן פון לעניניזם, אַנערקענען פאַר ריכטיק דידאָזיקע פאַרזעלביקונג? ניין, מע קאָן ניט. און אָט פאַרוואָס:

ערשטנס. אין דער אויבן געבראַכטער ציטאַטע פון לענינס רעדע אַפן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן פאַרזעלביקט קלאָל ניט לענין די אָנפירנדיקע ראָלע פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. ער רעדט נאָר וועגן דעם, אַז „בלויז די באַוואוסטזיניקע מינדערהייט (ד. ה. די פּאַרטיי. י. סט.) קאָן אָנפירן מיט די ברייטע אַרבעטער־מאַסן און פירן זיי נאָך זיך“, אַז גראָד אין דעם זין פאַרשטייען מיר, אין טאָך גענומען*), אונטער דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט די דיקטאַטור פון זיין אָרגאַניזירטער און באַוואוסטזיניקער מינדערהייט. זאָגן — „אין טאָך גענומען“ הייסט נאָך ניט זאָגן — „אינגאַנצן“. מיר זאָגן אָפטמאָל, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע איז, אין טאָך גענומען, אַ פּויערשע פראַגע. און דאָס איז גאַנץ ריכטיק. אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע ווערט געדעקט דורך דער פּויערשער פראַגע, אַז די פּויערשע פראַגע איז געגליכן צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע לויט איר פאַרנעם, אַז די פּויערשע פראַגע איז דאָסזעלביקע, וואָס די נאַציאָנאַלע פראַגע. עס איז ניט נויטיק צו דערווייזן, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגע איז לויט איר פאַרנעם ברייטער און רייכער פון דער פּויערשער פראַגע. דאָסזעלביקע, לויט אַנאַלאָגיע מיט דעם, דאַרף מען זאָגן וועגן דער אָנפירנדיקער ראָלע פון דער פּאַרטיי און וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. אויב די פּאַרטיי פירט דורך די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, און אין דעם זין אין די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אין טאָך גענומען, די „דיקטאַטור“ פון זיין פּאַרטיי, באַטייט עס נאָך ניט, אַז די „דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי“

---

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י. סט.

(די אָנפירנדיקע ראָלע) איז דאָסזעלביקע, ווי די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אַז די ערשטע איז גענליכן צו דער צווייטער לויט איר פּאַרנעם. עס איז ניט נויטיק צו דערווייזן, אַז די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז לויט איר פּאַרנעם ברייטער און רייכער פון דער אָנפירנדיקער ראָלע פון דער פּאַרטיי. די פּאַרטיי פירט דורך די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אָבער זי פירט דורך די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, און ניט אַ וועלכע ס'איז אַנדער דיקטאַטור. ווער עס פאַרזעלביקט די אָנפירנדיקע ראָלע פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, דער שטעלט אונטער די „דיקטאַטור“ פון דער פּאַרטיי אַפן אָרט פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

צווייטנס. קיין איין וויכטיקער באַשלוס פון די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פונם פּראָלעטאַריאַט באַגייט זיך ניט אָן אָנפירנדיקע אָנווייזונגען מיצאַד דער פּאַרטיי. דאָס איז גאַנץ ריכטיק. אָבער צי באַטייט דאָס, אַז די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט ווערט אויסגעשעפּט דורך די אָנפירנדיקע אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי? צי באַטייט עס, אַז די אָנפירנדיקע אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי קאָן מען צוליב דעם פאַרזעלביקן מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט? אַוואַדע באַטייט עס ניט. די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט באַשטייט פון אָנפירנדיקע אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי פּלוס די דורכפירונג פון דיזאָזיקע אָנווייזונגען דורך די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, פּלוס דעם דורכפירן זיי אין לעבן דורך דער באַפעלקערונג. דאָ איז, ווי איר זעט, האָבן מיר צו טאָן מיט אַ גאַנצער ריי איבערגאַנגען און צווישנדיקע שטופן, וועלכע בילדן ווייט ניט קיין ווייניק וויכטיקן מאָמענט אין דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. צווישן די אָנפירנדיקע אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי און דעם דורכפירן זיי אין לעבן ליגן, אַלזאָ דער ווילן און די מאַסים פון די אָנגעפירטע, דער ווילן און די מאַסים פונם קלאַס, זיין גרייטקייט (אָדער אומווילן) אונטערצושטיצן אַזוינע אָנווייזונגען, זיין קענטעניש (אָדער אומקענטעניש) דורכצופירן זיי גראַד אַזוי, ווי דאָס פאָדערט די סיטואַציע. אַסאַך אויב מע דאַרף דערווייזן, אַז די פּאַרטיי, וואָס האָט גענומען אַף זיך די אָנפירונג, קאָן ניט זיך ניט רעכענען מיטן ווילן, מיטן צושטאַנד, מיטן ניוואָ פון באַוואוסטזיין פון די אָנגעפירטע, קאָן ניט אַראָפּוואַרפן פונם כעשבן דעם ווילן, דעם צושטאַנד און דעם ניוואָ פון באַוואוסטזיין פון איר קלאַס. דעריבער איז ווער עס פאַרזעלביקט די אָנפירנדיקע ראָלע פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור

פונם פּראָלעטאַריאַט, דער פאַרטוישט דעם ווילן און די מאַסים פונם קלאַס אַף די אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי.

דריטנס. די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, זאָגט לענין,— איז דער קלאַסן־קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט געזיגט און האָט גענומען אין זיינע הענט די פּאָליטישע מאַכט". (זע ב. XVI ז. 240). אין וואָס קאָן זיך אויסדריקן דערדאָזיקער קלאַסן־קאַמף? ער קאָן זיך אויסדריקן אין אַ ריי באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען פונם פּראָלעטאַריאַט קעגן די אַרויספאַלן פון דער אַראָפּגעוואָרפענער בורזשואַזיע אָדער קעגן דער אינטערווענץ פון דער אויסלענדישער בורזשואַזיע. ער קאָן זיך אויסדריקן אין אַ בירגער־קריג, אויב די מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט איז נאָך ניט פאַרפעסטיקט. ער קאָן זיך אויסדריקן אין אַ ברייטער אָרגאַניזאַטאָרישער און בויערישער אַרבעט פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס דערביי ווערן צוגעצויגן צו דער אַרבעט די ברייטע מאַסן, נאָך דעם, ווי די מאַכט האָט זיך שוין פאַרפעסטיקט. אין די אַלע פאַלן איז די ווירקנדע פּערזאָן דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס קלאַס. עס האָט נאָך ניט געטראָפן, אַז די פּאַרטיי, בלויז נאָר די פּאַרטיי, זאָל אָרגאַניזירן די אַלע אַרויסטרעטונגען אויסשליסלעך מיט אירע אייגענע קויכעס, אָן דער אונטערשטיצונג פונם קלאַס. געוויינלעך פירט זי בלויז אָן מיט דידאָזיקע אַרויסטרעטונגען, און זי פירט מיט זיי אָן אַף אַזויפיל, אַף וויפל זי האָט הינטער זיך די אונטערשטיצונג פונם קלאַס. ווייל די פּאַרטיי קאָן ניט פאַרדעקן, קאָן ניט פאַרבייטן דעם קלאַס. ווייל די פּאַרטיי, באַ איר גאַנצער וויכטיקער, אָנפירנדיקער ראָלע, פאַרבלייבט דאָך אַ טייל פונם קלאַס. דעריבער איז ווער עס פאַרזעלביקט די אָנפירנדיקע ראָלע פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, דער פאַרבייט דעם קלאַס אַף דער פּאַרטיי.

פערטנס. די פּאַרטיי פאַרווירקלעכט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. „די פּאַרטיי—דאָס איז דער אומיטלבאַר רעגירנדער אַוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט, — דאָס איז דער אָנפירער" (לענין). אין דעם זין נעמט די פּאַרטיי די מאַכט, רעגירט די פּאַרטיי איבערן לאַנד. אָבער דאָס באַטייט נאָך ניט, אַז די פּאַרטיי פאַרווירקלעכט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אויסער דער מעלוכע־מאַכט, אָן דער מעלוכע־מאַכט, אַז די פּאַרטיי רעגירט איבערן לאַנד אויסער די ראַטן, ניט דורך די ראַטן. דאָס באַטייט נאָך ניט, אַז די פּאַרטיי קאָן מען פאַרזעלביקן מיט די ראַטן, מיט דער מעלוכישער מאַכט. די פּאַרטיי איז דער קערן

פון דער מאַכט. אָבער זי איז ניט און קאָן ניט פאַרזעלביקט ווערן מיט דער מעלוכישער מאַכט. „אַלס רעגירנדע פאַרטיי, — זאָגט לענין, — האָבן מיר ניט געקאָנט ניט צונויפגיסן מיטן פאַרטייאישן אויבנאָן דעם סאָוועטישן אויבנאָן און זיי זיינען בא אונז צונויפגעגאָסן און וועלן אזוי בלייבן“. (זע ב. XVIII ט. I ז. 112). דאָס איז אבסאלוט ריכטיק. אָבער דערמיט וויל לענין קלאָל ניט זאָגן, אַז אונזערע סאָוועטישע אַנשטאַלטן אינגאַנצן גענומען, לעמאָשל, אונזער אַרמיי, אונזער טראַנספּאָרט, אונזערע ווירטשאַפטלעכע אַנשטאַלטן א. א. וו., זיינען אַנשטאַלטן פון אונזער פאַרטיי, אַז די פאַרטיי קאָן פאַרבייטן די ראַטן און זייערע פאַרצווייגונגען, אַז די פאַרטיי קאָן מען פאַרזעלביקן מיט דער מעלוכע־מאַכט. לענין האָט ניט איין מאָל געזאָגט, אַז „די סיסטעם פון ראַטן איז די דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט“, אַז „די ראַטנמאַכט איז די דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט“. (זע ב. XVI ז. ז. 44—46). ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז די פאַרטיי איז די מעלוכישע מאַכט, אַז די ראַטן און די פאַרטיי זיינען איינס און דאָס זעלביקע. די פאַרטיי, וועלכע האָט עטלעכע הונדערט טויזנט מיטגלידער, פירט אָן מיט די ראַטן און מיט זייערע פאַרצווייגונגען אין צענטר און אַף די ערטער, וואָס כאַפּן ארום עטלעכע מיליאָן מענטשן, פאַרטייאישע און אומפאַרטייאישע, אָבער זי קאָן זיי ניט און דאַרף זיי ניט פאַרבייטן דורך זיך. אָט פאַרוואָס לענין זאָגט, אַז „די דיקטאַטור פאַרווירקלעכט דער פראָלעטאַריאַט, וועלכער איז אָרגאַניזירט אין די ראַטן און מיט וועלכן עס פירט אָן די קאָמוניסטישע פאַרטיי פון באָלשעוויקעס“, אַז „די גאַנצע אַרבעט פון דער פאַרטיי גייט ד ו ר ך *) די ראַטן, וועלכע פאַרייניקן די אַרבעטנדיקע מאַסן אָן אונטערשייד פון פראָפעסיע“. (זע ב. XVII ז. ז. 138—140), אַז די דיקטאַטור „קומט אויס צו פאַרווירקלעכן... ד ו ר כ ן *) סאָוועטישן אַפּאַראַט“ (זע ב. XVIII ט. I ז. 8). דעריבער איז ווער עס פאַרזעלביקט די אָנפירנדיקע ראָלע פון דער פאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט, דער פאַרטוישט די ראַטן, די מעלוכע־מאַכט דורך דער פאַרטיי.

פ י נ פ ט נ ס. דער באַגריף דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט איז אַ מעלוכישער באַגריף. די דיקטאַטור פונם פראָלעטאַריאַט שליסט איין אין זיך דעם באַגריף פון גוואַלט. אָן גוואַלט איז ניטאָ קיין דיקטאַטור, אויב מע זאָל די דיקטאַטור פאַרשטיין אינם פינקטלעכן זין פון דעמראָזיקן

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

ווארט. לענין דעפינירט די דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, ווי א מאכט, וואס שפארט זיך אן אומיטלבאר אף גוואלט" (זע ב. XVII ז. 124). ריידן דעריבער וועגן דיקטאטור פון דער פארטיי אין דער באציאונג צום קלאס פון פראלעטאריער און פארזעלביקן זי מיט דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, — דאס הייסט ריידן וועגן דעם, אז די פארטיי דארף אין דער באציאונג צו איר קלאס זיין ניט נאר אן אנפירער, ניט נאר א פירער און לערער, נאר אויך עפעס א מין מעלוכע־מאכט, וואס באנוצט צו אים גוואלט. דעריבער איז ווער עס פארזעלביקט די „דיקטאטור פון דער פארטיי" מיט דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, דער גייט שווייגעדיק ארויס פון דעם, אז מע קאן בויען דעם אווטאריטעט פון דער פארטיי אף גוואלט, וואס דאס איז אן אבסורד און קאן לאכלוטן ניט צונויפגעפאסט ווערן מיטן לעניניזם. דער אווטאריטעט פון דער פארטיי ווערט אונטערגעהאלטן דורכן צוטרוי פונם ארבעטער־קלאס. דער צוטרוי ווידער פונם ארבעטער־קלאס ווערט געוואונען ניט מיט איי־בערגוואלט — איבערגוואלט קאן מען אים נאר אוועקהארגענען, — נאר דורך דער ריכטיקער טעאריע פון דער פארטיי, דורך דער ריכטיקער פאליטיק פון דער פארטיי, דורך דער געטריישאפט פון דער פארטיי צום אר־בעטער־קלאס, דורך איר בונד מיט די מאסן פונם ארבעטער־קלאס, דורך איר גרייטקייט, איר קענטעניש צו איבערצייגן די מאסע אין דער ריכטיקייט פון אירע לאזונגען.

וואס זשע איז פון דעם אלעמען געדרונגען?

געדרונגען דערפון איז, אז:

1) לענין באנוצט דאס ווארט דיקטאטור פון דער פארטיי ניט אינם פינקטלעכן זין פון דעמדאזיקן ווארט („א מאכט, וואס שפארט זיך אן אף גוואלט"), נאר בעדערעך מאשל, אין זין פון אנפירונג;

2) ווער עס פארזעלביקט די אנפירונג פון דער פארטיי מיט דער דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, דער פארקריפלט לענינען, צוגעבנ־דיק ניט ריכטיק דער פארטיי די פונקציעס פון גוואלט אין דער באצי־אונג צום ארבעטער־קלאס אינגאנצן גענומען;

3) ווער עס גיט צו דער פארטיי די איר ניט אייגנטימלעכע פונק־ציעס פון גוואלט אין דער באציאונג צום ארבעטער־קלאס, דער איז אוי־ווער אף די עלעמענטארע פאדערונגען פון ריכטיקע קעגנזייטיקע פאר־העלטענישן צווישן דעם אוואנגארד און דעם קלאס, צווישן דער פארטיי און דעם פראלעטאריאט.

מיר זיינען אזוי ארום צוגעקומען צו דער פראגע וועגן די קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן דער פארטיי און דעם קלאס, צווישן די פארטייאישע און אומפארטייאישע אינם ארבעטער־קלאס.

לענין דעפינירט דידאָזיקע קעגנזייטיקע באציאונגען, ווי ק ע ג נ ־ ז י י ט י ק ן צ ו ט ר ו י צווישן דעם אוואנגארד פונם ארבעטער־קלאס און דער ארבעטער־מאסע" (זע ב. XVIII ט. I, ז. 135).

וואָס באטייט עס?

דאָס באטייט, ערשטנס, אז די פארטיי דארף זיך וואכזאם צוהערן צו דער שטים פון די מאסן, אז זי דארף זיך אויפמערקזאם באציען צום רעוואָלוציאָנערן אינסטיקט פון די מאסן, אז זי דארף שטודירן די פראקטיק פון קאמף פון די מאסן, דורכפרובירנדיק דערויף די ריכטיקייט פון איר פאָליטיק, אז זי דארף, אלזא, ניט נאָר לערנען, נאָר אויך לערנען זיך בא די מאסן.

דאָס באטייט, צווייטנס, אז די פארטיי דארף טאָג אף טאָג געווינען פאר זיך דעם צוטרוי פאר די פראָלעטארישע מאסן, אז זי דארף דורך איר פאָליטיק און דורך איר ארבעט שמידן פאר זיך די אונטערשטיצונג פון די מאסן, אז זי דארף ניט קאמאנדעווען, נאָר איבערצייגן פריער פאר אלץ, פארלייכטערנדיק פאר די מאסן צו דערקענען אף זייער אייגענער דערפארונג די ריכטיקייט פון דער פאָליטיק פון דער פארטיי, אז זי דארף, אלזא, זיין דער אָנפירער, דער פירער, דער לערער פון איר קלאס.

אויבוועד זיין אף דידאָזיקע באדינגונגען הייסט צעשטערן די ריכטיקע קעגנזייטיקע באציאונגען צווישן דעם אוואנגארד און דעם קלאס, ארונטערייסן דעם „קעגנזייטיקן צוטרוי", דאָס איז א צעפאלונג סאי פון דער קלאסאָווער, סאי פון דער פארטייאישער דיסציפלין.

„געוויס, — זאָגט לענין, — זעט איצט קימאַט יעדערער, אז די באָלשעוויקעס וואָלטן זיך ניט איינגעהאלטן בא דער מאכט ניט נאָר צוויי א האלב יאָר, נאָר אפילע צוויי מיט א האלבן כוידעש אָן דער שטרענגסטער, בעעמעס אייזערנער דיסציפלין אין אונזער פארטיי, אָן דער פולסטער און איבערגעגעבנסטער אונטערשטיצונג איר ער מיצאד דער גאנצער מאסע פונם ארבעטער־קלאס*), ד. ה. מיצאד אלץ, וואָס אין אים איז פאראן דענקענדיקס, ערלעכס,

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י סט.

ווירקונגפולס, פעאיקס צו פירן נאָך זיך אָדער מיטציען די איבע־
ריקע שיכטן". (זע ב. XVII ז. 117).

די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט,—זאָגט ווייטער לענין,—
איז אַן אַקשאָנעסדיקער קאַמף, אַ בלוטיקער און בלוטלאָזער, אַ
איבערגוואַלטיקער און פרידלעכער, אַ מיליטערישער און ווירט־
שאַפטלעכער, אַ פּעדאַגאָגישער און אַדמיניסטראַטיווער, קעגן די
קויכעס און טראַדיציעס פון דער אַלטער געזעלשאַפט. די קראַפט פון
געוואוינהייט פון מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען איז די שרעק־
לעכסטע קראַפט. אָן אַ פּאַרטיי, אָן אייזערנער, אַ פאַרהאַרטעוועט־
טער אין קאַמף, אָן אַ פּאַרטיי, וואָס באַנוצט זיך מיטן
צוטרוי פון אַלע, וואָס איז פאַראַן ערלעכס
אין געגעבענעם קלאַס*), אָן אַ פּאַרטיי, וואָס איז פּע־
איק נאָכצושפּירן נאָך דער שטימונג פון דער מאַסע און ווירקן אויף
איר, איז אומעגלעך מיט ערפאָלג צו פירן אַזאַ קאַמף" (זע ב.
XVII ז. 136).

ווי אַזוי געווינט אָבער די פּאַרטיי דעמדאָזיקן צוטרוי און אונטער־
שטיצונג פונם קלאַס? ווי אַזוי שאַפט זיך די אייזערנע דיסציפּלין, וואָס
איז נויטיק פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אויף וואָס פאַר אַ
באָדן וואַקסט זי אויס?

אָט וואָס עס זאָגט וועגן דעם לענין:

„מיט וואָס האַלט זיך די דיסציפּלין פון דער רעוואָלוציאָנערער
פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט? דורך וואָס ווערט זי אויספּרובירט?
דורך וואָס ווערט זי פאַרשטאַרקט? ערשטנס, דורך דער באַוואוסט־
זיניקייט פונם פּראָלעטאַרישן אַוואַנגאַרד און דורך זיין איבערגע־
געבנקייט דער רעוואָלוציע, דורך זיין אויסגעהאַלטנקייט, דורך זיין
זעלבסטאָפּפערונג, דורך זיין העלדישקייט. צווייטנס דורך זיין פּע־
איקייט זיך צו פאַרבינדן, דערנענטערן זיך ביז אַ געוויסער מאָד־
רייגע, אויב איר ווילט, צונויפגיסן זיך מיט דער סאַמע
ברייטער מאַסע אַרבעטנדיקע*), אין דער ערשטער ריי
מיט דער פּראָלעטאַרישער, נאָר אויך מיט דער ניט פּראָ־
לעטאַרישער אַרבעטנדיקער מאַסע. דריטנס, דורך דער ריכ־
טיקייט פון דער פּאָליטישער אָנפירונג, וועלכע ווערט פאַרווירק־
לעכט דורך דעמדאָזיקן אַוואַנגאַרד, דורך דער ריכטיקייט פון זיין

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

פּאָליטישער סטראַטעגיע און טאַקטיק, באַ דעם באַדינג, אַז די סאַמע ברייטע אַרבעטער־מאַסן זאָלן זיך אַף **זייער אייגענער דערפֿאַרונג** איבערצייגן אין דערדאָזיקער ריכטיקייט. אָן די־דאָזיקע באַדינגונגען איז אומעגלעך צו פֿאַרווירקלעכן די דיסציפּלין אין אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, וואָס איז ווירקלעך פֿעאיק צו זיין די פּאַרטיי פֿונם פֿאַרגעשריטענעם קלאַס, וועלכער דאַרף אַראָפּוואַרפֿן די בורזשואַזיע און רעאָרגאַניזירן די געזעלשאַפֿט. אָן דידאָזיקע באַדינגונגען פֿאַרוואַנדלען זיך די פּרואוון צו שאַפֿן אַ דיסציפּלין אומפֿאַרמיידלעך אין פּוסטע רייד, אין פֿראַזן, אין מאַכן האַוואַיעס. און פֿון דער אַנדערער זייט, קאָנען ניט דידאָזיקע באַדינגונגען אויפֿקומען מיטאַמאָל. זיי אַרבעטן זיך אויס בלויז דורך לאַנגער מי, דורך שווערער דערפֿאַרונג. דאָס אויסאַרבעטן זיי ווערט פֿאַרלייכטערט דורך אַ ריכטיקער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע, וואָס זי, פֿון איר זייט, איז ניט קיין דאָגמע, נאָר זי בילדעט זיך אויס ענדגילטיק בלויז אין אַ ענגן צוזאַמענבונד מיט דער פּראַקטיק פֿון אַ ווירקלעך מאַסאָווער און ווירקלעך רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג“ (זע ב. XVII ז. 119).

און ווייטער:

„פֿאַרן ערפֿאָלג פֿונם ניצאָכן איבערן קאַפּיטאַליזם פֿאָדערט זיך אַ ריכטיקע קעגנזייטיקע פֿאַרהעלטעניש צווישן דער אָנפֿירנדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס, דעם פּראָלעטאַריאַט, — און דער מאַסע, דאָס הייסט, דעם גאַנצן סכום אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע. נאָר די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, אויב זי איז ווירקלעך דער אַוואַנגאַרד פֿונם רעוואָלוציאָנערן קלאַס, אויב זי שליסט אין זיך איין אַלע בעסטע פֿאַרשטייער זיינע, אויב זי באַשטייט פֿון פֿולקום באַוואוסטזיניקע און איבערגעגעבענע קאָמוניסטן, אויפֿגעקלערטע און פֿאַרהאַרטעוועטע דורך דער דערפֿאַרונג פֿון אַקשאָנעסדיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, אויב דערדאָזיקער פּאַרטיי האָט זיך איינגעגעבן פֿעסט פֿאַרבינדן זיך מיטן גאַנצן לעבן פֿון איר קלאַס און, דורך אים, מיט דער גאַנצער מאַסע עקספּלואַטירטע און איינפּלאַנצן באַ דעמדאָזיקן קלאַס און באַ דערדאָזיקער מאַסע דעם **פֿולן צוטרוי***), — נאָר אַזאַ פּאַרטיי איז פֿעאיק אָנצופֿירן מיטן פּראָלעטאַריאַט אינם סאַמע אומראַכמאָנעסדיקן, אַנטשיי־

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י. סט.

דענעם לעצטן קאַמף קעגן אַלע קויכעס פונם קאַפּיטאַליזם. פון דער אַנדערער זייט, איז נאָר אונטער דער אָנפירונג פון אַזאַ פּאַרטיי דער פּראָלעטאַריאַט פעאיק פאַנאַנדערצואַוויקלען די גאַנצע מעכטיקייט פון זיין רעוואָלוציאָנערן אָנגריף, מאַכנדיק צו נישט די אומפאַרמיידלעכע אַפּאַטיע און טיילווייז דעם ווידערשטאַנד פון דער ניט גרויסער מינדערהייט דורך קאַפּיטאַליזם קאָרומפּירטער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, אַלטע טרייד־יוניאָניסטישע און קאָאָפּעראַטיווע פיער א. א. וו., — פעאיק פאַנאַנדערצואַוויקלען זיין גאַנצע קראַפט, וועלכע איז טאַקע צוליב דער עקאָנאָמישער אָרדענונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט ניט אויסצומעסטן גרעסער איידער זיין פּראָצענט אין דער באַפעלקערונג" (זע ב. XVII ז. 232).

פון דידאָזיקע ציטאַטן איז געדרונגען, אַז:

1) דער אויטאָריטעט פון דער פּאַרטיי און די אייזערנע דיסציפּלין אינם אַרבעטער־קלאַס, וועלכע איז נויטיק פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווערן געבויט ניט אַף מוירע אָדער אַף „אומבאַגרעניצטע" רעכט פון דער פּאַרטיי, נאָר אַפן צוטרוי פונם אַרבעטער־קלאַס צו דער פּאַרטיי, אַף אונטערשטיצונג דער פּאַרטיי מיצאַד דעם אַרבעטער־קלאַס;

2) דער צוטרוי פונם אַרבעטער־קלאַס צו דער פּאַרטיי ווערט דערוואָרבן ניט מיטאַמאָל און ניט דורך גוואַלט אין באַצוג צום אַרבעטער־קלאַס, נאָר דורך דער דויערדיקער אַרבעט פון דער פּאַרטיי אין די מאַסן, דורך דער ריכטיקער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, דורך דער פעאיקייט פון דער פּאַרטיי צו איבערצייגן די מאַסן אין דער ריכטיקייט פון איר פּאָליטיק אַף דער אייגענער דערפאַרונג פון די מאַסן, דורך דער פעאיקייט פון דער פּאַרטיי צו באַוואָרענען פאַר זיך די אונטערשטיצונג פונם אַרבעטער־קלאַס, צו פירן נאָך זיך די מאַסן פונם אַרבעטער־קלאַס;

3) אָן אַ ריכטיקער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין געשטאַרקט דורך דער קאַמף־דערפאַרונג פון די מאַסן, און אָן דעם צוטרוי פונם אַרבעטער־קלאַס איז ניטאָ און קאָן ניט זיין קיין עכטע אָנפירונג פון דער פּאַרטיי;

4) די פּאַרטיי און איר אָנפירונג, אויב זיי האָבן דעם צוטרוי פונם קלאַס און אויב דידאָזיקע אָנפירונג איז אַן עמעסע אָנפירונג, קאָנען

ניט אַנטקעגנגעשטעלט ווערן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווייל אָן דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי (דער „דיקטאַטור“ פון דער פּאַרטיי), וואָס האָט דעם צוטרוי פונם אַרבעטער־קלאַס, איז אוממעגלעך אַ וויפל ניט איז פעסטע דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

אָן דיזאָזיקע באַדינגונגען איז דער אויטאָריטעט פון דער פּאַרטיי און די אייזערנע דיסציפּלין אָדער אַ פּוסטע פראַזע, אָדער גאַיווע און אוואַנטיורע.

מע טאָר ניט אַנטקעגנשטעלן די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט דער אָנפירונג („דיקטאַטור“) פון דער פּאַרטיי. מע טאָר עס ניט, ווייל די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי איז דער איקער אין דער דיקטאַטור פונם פּראָ־לעטאַריאַט, אויב מיינען אַ וויפל ניט איז פעסטע און פולקומע דיקטאַטור, און ניט אַזאַ, ווי עס איז געווען, לעמאָשל, די פּאַריזער קאָמונע, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ דיקטאַטור ניט קיין פולקומע און ניט קיין פעסטע. מע טאָר ניט, ווייל די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי ליגן, אַזוי צו זאָגן, אויף איין ליניע פון אַרבעט, זיי ווירקן אין איין ריכטונג.

„שוין די שטעלונג אַליין פון דער פראַגע, — זאָגט לענין, — „דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי אָדער דיקטאַטור פונם קלאַס? דיקטאַטור (פּאַרטיי) פון די פירער אָדער דיקטאַטור (פּאַרטיי) פון די מאַסן?“ זאָגט אײדעס וועגן דעם סאַמע אומגלויבלעכן און אַנויסגעגלעכן פּלאָנטער פון געדאַנק... אַלע ווייסן, אַז די מאַסן טיילן זיך אויף קלאַסן... אַז מיט די קלאַסן איז געוויינלעך און אין מערסטנטייל פאַלן, לעבאַלאַפּאַכעס אין די מאָדערנע ציוויליזירטע לענדער, פירן אָן פּאָליטישע פּאַרטייען; אַז די פּאָליטישע פּאַרטיי־ען ווערן, אַלס אַלגעמיינער קלאַל, אָנגעפירט דורך מער אָדער ווייניקער שטאַנדהאַפטיקע גרופּן פון די אַמערסטן אויטאָריטעטע, ווירקונגספולע, דערפאַרענע פּערזאָנען, וואָס ווערן אויסגעקליבן אויף די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס און וואָס הייסן פירער... דעריידן זיך... ביז אַנטקעגנשטעלן ביכלאַל די דיקטאַטור פון די מאַסן דער דיקטאַטור פון די פירער איז אַ לעכערלעכע אומגעלומ־פּערטקייט און נאַרישקייט“ (זע ב. XVII ז. ז. 133—134).

דאָס איז אַבסאָלוט ריכטיק. אָבער דיזאָזיקע האַנאַכע גייט אַרויס פון דער פאָרהאַנאָכע, אַז מיר האָבן פאַר זיך ריכטיקע קעגנזייטיקע באַצי־אונגען צווישן דעם אַוואַנגאַרד און די אַרבעטער־מאַסן, צווישן דער

פּאַרטיי און דעם קלאַס. זי גייט אַרויס פון דער האַנאַכע, אַז די קאָנקרעטע באַציאונגען צווישן דעם אַוואַנגאַרד און דעם קלאַס פאַרבלייבן, אַזוי צו זאָגן, נאָרמאַלע, פאַרבלייבן אין די ראַמען פון „קאָנקרעטיקן צוטרוי". נו, און ווי איז דער דין, אויב די ריכטיקע קאָנקרעטיקע באַציאונגען צווישן דעם אַוואַנגאַרד און דעם קלאַס, אויב די באַציאונגען פון „קאָנקרעטיקן צוטרוי" צווישן דער פּאַרטיי און דעם קלאַס זיינען געשטערט? ווי איז דער דין, אויב די פּאַרטיי הויבט אַליין אָן אַזוי אָדער אַנדערש אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם קלאַס, אויסער זייענדיק אויף די יעסוידעס פון ריכטיקע קאָנקרעטיקע פאַרהעלטענישן מיטן קלאַס, אויסער זייענדיק אויף די יעסוידעס פון „קאָנקרעטיקן צוטרוי"? צי זיינען ביכלאַל מעגלעך אַזעלכע פאַלן? יאָ, זיי זיינען מעגלעך, אויב די פּאַרטיי הויבט אָן בויען איר אויטאָריטעט אין די מאַסן ניט אויף איר אַרבעט און אויפן צוטרוי פון די מאַסן, נאָר אויף איר „אומבאַגרענעצטע" רעכט; אויב די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי איז בעפּיירעש ניט קיין ריכטיקע, און זי וויל ניט איבערקוקן און פאַרריכטן איר פעלער; אויב די פּאָליטיק איז אין אַלגעמיין אַ ריכטיקע, נאָר די מאַסן זיינען נאָך ניט גרייט זי צו באַנעמען, און די פּאַרטיי וויל ניט אָדער זי איז ניט פעאיק אויסצואוואַרטן, קעדיי צו געבן די מאַסן די מעגלעכקייט זיך צו איבערציינגן אויף זייער אייגענער דערפאַרונג אין דער ריכטיקייט פון דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי. די געשיכטע פון אונזער פּאַרטיי גיט אַ גאַנצע ריי אַזעלכע פאַלן. פאַרשיידענע גרופּירונגען און פראַקציעס אין אונזער פּאַרטיי זיינען געפאַלן און צעשטויבט געוואָרן דערפאַר, ווייל זיי זיינען אויסער געווען אויף איינעם פון די דאָזיקע דריי באַדינגונגען, און אַמאָל אויך אויף אַלע באַדינגונגען צוזאַמען גענומען.

אָבער דערפון איז געדרונגען, אַז דאָס קעגנשטעלן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט דער „דיקטאַטור" (אָנפירונג) פון דער פּאַרטיי קאָן ניט אנערקענט ווערן פאַר ריכטיק בלויז אין דעם פאַל:

1) אויב אונטער דער דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי אין דער באַציאונג צום אַרבעטער-קלאַס זאָל מען פאַרשטיין ניט דיקטאַטור אינעם אייגנטלעכן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט („אַ מאַכט, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף גוואַלט"), נאָר די אָנפירונג מיצאַד דער פּאַרטיי, וועלכע שליסט אויס גוואַלט איבערן קלאַס אינגאַנצן גענומען, איבער זיין מערהייט, ווי דאָס פאַרשטייט אַזוי לענין;

2) אויב די פּאַרטיי האָט גרונדן צו זיין אַ ווירקלעכער פירער פונם קלאַס, ד. ה. אויב די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי איז אַ ריכטיקע, אויב דידאָזיקע פּאָליטיק איז אין העסקעם מיט די אינטערעסן פונם קלאַס;

3) אויב דער קלאַס, אויב די מערהייט פונם קלאַס נעמט אָן די־דאָזיקע פּאָליטיק, באַנעמט זי, איבערצייגט זיך, אַדאַנק דער אַרבעט פון דער פּאַרטיי, אין דער ריכטיקייט פון דערדאָזיקער פּאָליטיק, געטרויט דער פּאַרטיי און שטיצט זי.

דאָס אויוועך זיין אָף דידאָזיקע באַדינגונגען רופט אומפאַרמיידלעך אַרויס אַ קאָנפליקט צווישן דער פּאַרטיי און דעם קלאַס, אַ שפּאַלטונג צווישן זיי, זייער קעגנשטעלן זיך איינער דעם אַנדערן.

צי קאָן מען מיט קראַפט אָנבינדן דעם קלאַס די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי? ניין, מע קאָן ניט. אַלנפאַלס, אַזאַ אָנפירונג קאָן ניט זיין אַ וויפל ניט איז דויערדיקע. די פּאַרטיי, אויב זי וויל פאַרבלייבן אַ פּאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט, דאַרף זי וויסן, אַז זי איז, פריער פאַר אַלץ און הויפּטזאַכלעך, דער אָנפירער, דער פירער, דער לערער פונם אַרבעטער־קלאַס. מיר קאָנען ניט פאַרגעסן לענינס ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט מיקויעך דעם אין דער בראָשור „מעלוכע און רעוואָלוציע":

„דערציענדיק די אַרבעטער־פּאַרטיי, דערציט דער מאַרקסיזם דעם אַוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז פעאיק צו נעמען די מאַכט און פירן דאָס פאָלק צום סאָציאַליזם, צו ריכטן און אָרגאַני־זירן די נייע אָרדענונג, זיין אַ לערער, אָנפירער, פי־רער*) פון אַלע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע אין דער זאַך פון איינאָרדענען זייער געזעלשאַפטלעך לעבן אָן דער בורזשואַ־זיע און קעגן דער בורזשואַזיע" (זע ב. XIV ט. 2, ז. 317).

צי קאָן מען רעכענען, אַז די פּאַרטיי איז דער ווירקלעכער אָנפירער פונם קלאַס, אויב די פּאָליטיק איז ניט קיין ריכטיקע, אויב די פּאָליטיק קומט אין אַ צוזאַמענשטויס מיט די אינטערעסן פונם קלאַס? פאַרשטייט זיך, אַז מע קאָן ניט. אין אַזוינע פאַלן, איז די פּאַרטיי, אויב זי איז פאַר־בליבן דער אָנפירער, דאַרף איבערקוקן איר פּאָליטיק, דאַרף אָנערקענען איר פעלער און פאַריכטן אים. אָף צו באַשטעטיקן דידאָזיקע האַנאַכע וואָלט מען זיך געקאָנט פאַרופן אָף אַזאַ פאַקט פון דער געשיכטע פון

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

אונזער פּאַרטיי, ווי דער פּעריאָד פון אָפּשאַפן די ברויט־רעקוויזיציע („פּראָדראַזווערסטקע“), ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַרבעטערשע און פּויערשע מאַסן זיינען בעפריעדיגט פון אונזער פּאָליטיק און ווען די פּאַרטיי איז געגאַנגען, אָפן און ערלעך געגאַנגען אויף א רעוויזיע פון איר פּאָליטיק. אָט וואָס עס האָט דעמאָלט געזאָגט לענין אין צענטן צוזאַמענפאָר איבער דער פראַגע וועגן אָפּשאַפן די ברויט־רעקוויזיציע און איינפירן די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק:

„מיר דאַרפן זיך ניט באַמיען צו באַהאַלטן עפּעס־וואָס, נאָר מיר דאַרפן זאָגן אָזוי ווי עס איז, אַז דאָס פּויערטום איז מיט דער פאָרם פון באַציאונגען, וואָס האָט זיך בא אונז איינגעשטעלט, ניט צופרידן, אַז דאָס וויל ניט די דאָזיקע פאָרם פון קעגנזייטיקע באַציאונגען און וועט ווייטער אַזוי ניט עקזיסטירן. דאָס איז ניט צו באַשטרייטן. דער דאָזיקער ווילן זייער איז אויסגעדריקט געוואָרן בעפיירעש, דאָס איז דער ווילן פון די גוואַלטיקע מאַסן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. מיר דאַרפן זיך דערמיט רעכענען, און מיר זיינען גענוג ניכטערע פּאָליטיקער אויף צו זאָגן פּאָשעט: לאָמיר איבערקוקן“ *) (זע ב. XVIII ט. I ז. 138).

צי קאָן מען רעכענען, אַז די פּאַרטיי קאָן נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו און די אָנפירונג אינם אָרגאַניזירן די אַנטשיידנדיקע אַרויסטרעטונגען פון די מאַסן בלויז אויף דעם סמאַך, וואָס איר פּאָליטיק איז אין אַלגעמיין א ריכטיקע, אויב די דאָזיקע פּאָליטיק באַגעגנט נאָך ניט קיין צוטרוי און אונטערשטיצונג מיצאַד דעם קלאַס, צוליב, לאָמיר זאָגן, זיין פּאָליטישער אָפּגעשטאַנענקייט, אויב דער פּאַרטיי האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן צו איבערצייגן דעם קלאַס אין דער ריכטיקייט פון איר פּאָליטיק, צוליב דעם, לאָמיר זאָגן, וואָס די געשעענישן זיינען נאָך ניט צייטיק געוואָרן? ניין, מע קאָן ניט. אין אַזוינע פאַלן איז די פּאַרטיי, אויב זי וויל זיין אווירקלעכער אָנפירער, דאַרף קענען אויסוואַרטן, דאַרף איבערצייגן די מאַסן אין דער ריכטיקייט פון איר פּאָליטיק, דאַרף העלפן די מאַסן זיך צו איבערצייגן אויף זייער אייגענער דערפאַרונג אין דער ריכטיקייט פון דערדאָזיקער פּאָליטיק.

„אויב די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, — זאָגט לענין, — האָט ניט קיין מערהייט אין די פאָרגעשריטענע גרופּן פון די רעוואָלוצי־

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

אַנערע קלאַסן און אין לאַנד, קאָן ניט זיין קיין רייד וועגן אַן אויפ־שטאַנד" (זע ב. XIV ט. 2, ז. 255).

„אַן דער ענדערונג פון די אַנשויאונגען פון דער מערהייט פונם אַרבעטער־קלאַס איז די רעוואָלוציע אומעגלעך, און דידאַזיקע ענ־דערונג ווערט געשאַפן דורך דער פּאָליטישער דערפאַרונג פון די מאַסן" (זע ב. XVII ז. 172).

„דער פּראָלעטאַרישער אַוואַנגאַרד איז אידייאיש געוואונען. דאָס איז די הויפּטזאַך. אָן דעם קאָן מען ניט מאַכן אַפילו דעם ערשטן טריט צום ניצחון. אָבער דערפון איז נאָך גענוג ווייט צום ני־צחון. מיט איין אַוואַנגאַרד קאָן מען ניט זיגן. וואַרפן בלויז דעם אַוואַנגאַרד אין אַן אַנטשיידענעם שלאַכט, קאָלזמאַן דער גאַנצער קלאַס, קאָלזמאַן די ברייטע מאַסן האָבן ניט פאַרנומען קיין פּאָזי־ציע אָדער פון דירעקט אונטערשטיצן דעם אַוואַנגאַרד, אָדער לע־כאָל האַפאַכעס פון גינסטיקער נייטראַליטעט בענויגייע צו אים און פון פולער אומפעאיקייט צו אונטערשטיצן זיין קעגנער, וואָלט געווען ניט נאָר אַ נאַרישקייט, נאָר אויך אַ פאַרברעכן. אָבער קעדיי ווירקלעך דער גאַנצער קלאַס, אָבער קעדיי ווירקלעך די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע און אונטערדריקטע דורכן קאַפּיטאַל זאָלן דער־גיין צו אַזאַ פּאָזיציע, דערצו איז בלויז פּראָפּאַגאַנדע, בלויז אַגיטאַ־ציע ווייניק. דערצו איז נויטיק די אייגענע פּאָליטישע דערפאַרונג פון דידאָזיקע מאַסן" (זע דאָרט, ז. 179).

עס איז באַקאַנט, אַז אונזער פּאַרטיי האָט זיך טאַקע אַזוי געפירט אינם פּעריאָד פון לענינס אַפּריל־טעזיסן ביזן אָקטיאַבער־אויפשטאַנד פון 1917 יאָר. און טאַקע דערפאַר, ווייל זי האָט געהאַנדלט לויט דידאָזיקע לענינס אָנווייזונגען, האָט זי געוואונען דעם אויפשטאַנד.

אָט דאָס זיינען אין גרונט די באַדינגונגען פאַר די ריכטיקע קעגנ־זייטיקע באַציאונגען צווישן דעם אַוואַנגאַרד און דעם קלאַס.

וואָס הייסט אָ נ פ י ר ן, אויב די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי איז אַ ריכטיקע און די ריכטיקע באַציאונגען צווישן דעם אַוואַנגאַרד און דעם קלאַס ווערן ניט געשטערט?

אָנפירן באַ אַזוינע באַדינגונגען הייסט — קענען איבערצייגן די מאַסן אין דער ריכטיקייט פון דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, אַרויסרוקן און דורכפירן אַזוינע לאָזונגען, וועלכע פירן צו די מאַסן צו די פּאָזיציעס פון דער פּאַרטיי און מאַכן לייכטער פאַר זיי צו דערקענען אַף זייער איי־

גענער דערפאַרונג די ריכטיקייט פון דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, אויפהויבן די מאַסן ביזן ניווא פון באַוואוסטזיין פון דער פּאַרטיי און באַוואָרענען אַזוי אַרום די שטיצע פון די מאַסן, זייער גרייטקייט צום אַנטשיידענעם שטרייט.

דעריבער איז דער איבערצייגונגס־מעטאָד דער איקערדיקער מעטאָד פון אָנפירן דעם קלאַס מיצאַד דער פּאַרטיי.

„ווען, — זאָגט לענין, — איצט אין רוסלאַנד, נאָך 2 אַ האַלב יאָר אומדערהערטע ניצחוינעס איבער דער בורזשואַזיע פון רוסלאַנד און פון דער אַנטאַנטע, וואָלטן מיר אַוועקגעשטעלט פאַר די פּראָפפאַריינען אַלס טנאַי פון אַריינטרעטן די „אַנערקענונג פון דער דיקטאַטור“, וואָלטן מיר געטאָן אַ נאַרישקייט, וואָלטן מיר קאַליע געמאַכט אונזער ווירקונג אויף די מאַסן, געהאָלפן די מענשעוויקעס. ווייל די גאַנצע אויפגאַבע פון די קאָמוניסטן איז — קענען איבערצייגן די אָפּגעשטאַנענע, קענען אַרבעטן צווישן זיי, און ניט אָפּצאַמען זיך פון זיי דורך אויסגעטראַכטע קינדעריש־„לינקע“ לאָזונגען (זע ב. XVII ז. 144).

דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז די פּאַרטיי דאַרף איבערצייגן אַלע אַרבעטער ביזן לעצטן מענטשן, אַז נאָר נאָך דעם קאָן מען צוטרעטן צו מאַיסים, אַז נאָר נאָך דעם קאָן מען אָנהויבן די אַקציע. עס הויבט זיך ניט אָן. דאָס הייסט נאָר, אַז איידער זי גייט אויף אַנטשיידענע פּאָליטישע אַקטן, דאַרף די פּאַרטיי דורך אַ דויערדיקער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט באַוואָרענען פאַר זיך די אונטערשטיצונג פון דער מערהייט אַרבעטער־מאַסן, לעכאַלאַפּאַכעס, די גינסטיקע נייטראַליטעט פון דער מערהייט קלאַס. אין קעגנפאַל וואָלט לענינס האַנאַכע וועגן דעם, אַז דאָס דעראָבערן די מערהייט פונם אַרבעטער־קלאַס אויפן צאַד פון דער פּאַרטיי איז אַן אומבאַדינגטער טנאַי פאַר אַ זיגרייכער רעוואָלוציע,—וואָלט די דאָזיקע האַנאָכע ניט געהאַט קיין שום זין.

נו, און ווי זאָל זיין מיט דער מינדערהייט, אויב זי וויל ניט, אויב זי איז ניט מאַסקים זיך פרייוויליק אונטערצואוואַרפן דעם ווילן פון דער מערהייט? צי קאָן די פּאַרטיי, צי דאַרף די פּאַרטיי, האָבנדיק פאַר זיך דעם צוטרוי פון דער מערהייט, צווינגען די מינדערהייט זיך אונטערצוואַרפן דעם ווילן פון דער מערהייט? יאָ, זי קאָן און זי דאַרף. די אָנפירונג ווערט גאַראַנטירט דורך דעם מעטאָד פון איבערצייגן די מאַסן, אַלס גרונט־מעטאָד פון אויפווירקונג פון דער פּאַרטיי אויף די מאַסן. אָבער

דאָס שליסט ניט אויס, נאָר איז מעכאַיעוו אַ צוואַנג, אויב דערדאָזיקער צוואַנג האָט אַלס באַזע זיינע דעם צוטרוי און די אונטערשטיצונג פון דער פּאַרטיי מיצאַד דער מערהייט פונם אַרבעטער־קלאַס, אויב ער ווערט באַנוצט בענויגייע דער מינדערהייט נאָך דעם, ווי מע האָט באַוויזן צו איבערציינגן די מערהייט. מע וואָלט באַדאַרפט דערמאָנען די שטרייטן מיקויעך דעם אין אונזער פּאַרטיי, וואָס זיינען פאַרגעקומען בעאייס דער פּראָפאַריינישער דיסקוסיע. אין וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען דער טאָעס פון דער אָפּאָזיציע, דער טאָעס פון צעקטראַן? אין דעם עפּשער, וואָס די אָפּאָזיציע האָט דעמאָלט געהאַלטן פאַר מעגלעך צוואַנג? ניין, ניט אין דעם. דער טאָעס פון דער אָפּאָזיציע איז באַשטאַנען דעמאָלט אין דעם, וואָס ניט זייענדיק אימשטאַנד צו איבערציינגן די מערהייט אין דער ריכטיקייט פון איר פּאָזיציע, האָבנדיק פאַרלאָרן דעם צוטרוי פון דער מערהייט, האָט זי דאָך אָנגעהויבן באַנוצן צוואַנג־מיטלען, איז זי באַשטאַנען אַף „איבערטרייסלען“ די מענטשן, וואָס האָבן געהאַט פאַר זיך דעם צוטרוי פון דער מערהייט.

אָט וואָס עס האָט דעמאָלט געזאָגט לענין אַפן צענטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין זיין רעדע וועגן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען:

„קעדיי איינצושטעלן די קעגנזייטיקע באַציאונגען, דעם קעגנזייטיקן צוטרוי צווישן דעם אוואַנגאַרד פונם אַרבעטער־קלאַס און דער אַרבעטער־מאַסע, האָט מען, אויב דער צעקטראַן האָט געמאַכט אַ פעלער... האָט מען דעם פעלער געדאַרפט פאַריכטן. אָבער אויב מע הויבט אָן דעמדאָזיקן פעלער פאַרטיידיקן, ווערט עס אַ מאַקער פון פּאָליטישער געפאַר. ווען מע וואָלט ניט געמאַכט פון יענע שטימונגען, וועלכע עס דריקט דאָ אויס קוטוזאָוו, ווען מע וואָלט ניט געמאַכט דאָס מאַקסימאַל מעגלעכע אינם זין פון דעמאָקראַטיע, וואָלטן מיר געקומען צו אַ פּאָליטישן קראַך. **פריער פון אַלץ דאַרפן מיר איבערציינגן, און דערנאָך צווינגען. מיר דאַרפן אום יעדן פּרייז איבערציינגן און דערנאָך צווינגען**[*]. מיר האָבן ניט געקענט איבערציינגן די ברייטע מאַסן און האָבן צעשטערט די ריכטיקע קעגנזייטיקע פאַרהעלטעניש צווישן דעם אוואַנגאַרד מיט די מאַסן“ (זע ב. XVIII ט. I ז. 135).

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. —י. סט.

דאָסזעלביקע זאָגט לענין אין זיין בראָשור „וועגן די פּראָפּאַוויי־נען“:

„מיר האָבן ריכטיק און מיט ערפאָלג באַנוצט צוואַנג דעמאָלט, ווען מיר האָבן געקענט פון אָנהויב אַרונטערפירן אונטער אים אַ באַזיס פון איבערצייגונג“ (זע דאָרט ז. 19).

און דאָס איז אבסאלוט ריכטיק. ווייל אָן דידאָזיקע באַדינגונגען איז ניט מעגלעך קיין שום אָנפירונג. ווייל נאָר אַזוי אַרום קאָן מען באַוואָרענען די איינהייטלעכקייט פון האנדלונג אין דער פּאַרטיי, אויב עס רעדט זיך וועגן דער פּאַרטיי, די איינהייטלעכקייט פון האנדלונג פונם קלאַס, אויב עס רעדט זיך וועגן קלאַס אין גאַנצן גענומען. אָן דעם — איז צעשפּאַלטונג, צעשפּליטערונג, צעפאַלונג אין די רייען פונם אַרבע־טער־קלאַס.

אָט דאָס זיינען אין אַלגעמיין די יעסוידעס פון ריכטיקער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי.

יעטווידער אַנדערער אַרט פאַרשטיין די אָנפירונג איז סינדיקאַ־ליזם, אַנאַרכיזם, ביוראָקראַטיזם, — אַלץ וואָס איר ווילט, — נאָר ניט קיין באָלשעוויזם, נאָר ניט קיין לעניניזם.

מע קאָן ניט אַנטקעגנשטעלן די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט דער אָנפירונג („דיקטאַטור“) פון דער פּאַרטיי, אויב מיר האָבן פאַר זיך ריכטיקע קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן דער פּאַרטיי און דעם אַרבע־טער־קלאַס, צווישן דעם אַוואַנגאַרד און די אַרבעטער־מאַסן. אָבער דער־פון איז געדרונגען, אַז מע קאָן אַוואַדע און אַוואַדע ניט פאַרזעלביקן די פּאַרטיי מיטן אַרבעטער־קלאַס, די אָנפירונג („דיקטאַטור“) פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם אַרבעטער־קלאַס. *אויף דעם גרונט*, וואָס מע קאָן ניט די „דיקטאַטור“ פון דער פּאַרטיי אַנטקעגנ־שטעלן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, איז כ' סאָרין געקומען צו דעם ניט ריכטיקן אויספיר, אַז „*די דיקטאַטור פונם פּראָ־לעטאַריאַט איז די דיקטאַטור פון אונזער פּאַרטיי*“. לענין רעדט אָבער ניט נאָר וועגן דער ניטדערלאָזבאַרקייט פון אַזאַ קעגנ־שטעלן. ער רעדט צוזאַמען דערמיט אויך וועגן דער ניטדערלאָזבאַרקייט פון קעגנשטעלן „די דיקטאַטור פון די מאַסן דער דיקטאַטור פון די פירער“. איז עפּשער זאָל מען גאָר אויף *דעמדאָזיקן גרונט* פאַר־זעלביקן די דיקטאַטור פון די פירער מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלע־טאַריאַט? גייענדיק מיט דעמדאָזיקן וועג, וואָלטן מיר געדאַרפט זאָגן,

אז „די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז די דיקטאַטור פון אונזערע פירער". און אַט צו דערדאָזי־קער נארישקייט פירט דאָך טאַקע, אייגנטלעך גערעדט, די פּאָליטיק פון פאַרזעלביקן די „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט...

ווי האַלט עס מיקויעך דעם באַם כ' זינאָוויעוו?

כ' זינאָוויעוו שטייט, אין טאָך גענומען, אַפן זעלביקן שטאַנדפּונקט פון פאַרזעלביקן די „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווי כ' סאַרין, מיט דעם אונטערשייד פונדעסט־וועגן, וואָס כ' סאַרין דריקט זיך אוים אָפּענער און קלאָרער, און כ' זי־נאָוויעוו „דרייט זיך". עס איז גענוג צו נעמען אַפילו דאָס פּאָלגנדיקע אָרט פון כ' זינאָוויעווס בוך „לעניניזם", כדי זיך דערין צו איבער־צייגן:

„וואָס איז אזוינס, — זאָגט כ' זינאָוויעוו,—די אין פּ.ס.ס.ר. עקזיסטירנדיקע אָרדענונג פונם שטאַנדפּונקט פון איר קלאַסן־אינ־האַלט? דאָס איז — די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. וואָס איז די אומיטלבאַרע פּרוזשינע פון דער מאַכט אין פּ.ס.ס.ר.? ווער פאַרווירקלעכט די מאַכט פונם אַרבעטער־קלאַס? די קאָמוניסטישע פּאַרטיי! אין דעם זין האָבן מיר באַ אונז*) די דיקטאַ־טור פון דער פּאַרטיי. ווי איז די יורידישע פאָרם פון דער מאַכט אין פּ.ס.ס.ר.? וואָס איז דער נייער טיפּ פון מעלו־כע־אָרדענונג, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן דורך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע? דאָס איז די ראַטן־סיסטעם. איינס ווידערשפּרעכט אַבסאָלוט ניט דעם צווייטן" (זע „לעניניזם", ז. 371).

אַז איינס־דעם אַנדערן ווידערשפּרעכט ניט, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ריכטיק, אויב אונטער דער דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי בענוי־גייע צום אַרבעטער־קלאַס אין גאַנצן גענומען זאָל מען פאַרשטיין די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי. אָבער ווי קאָן מען אויף דעם סמאַך שטעלן אַ גלייכהייטצייכן צווישן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און דער „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי, צווישן דער ראַטן־סיסטעם און דער „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי? לעניןָ האָט פאַרזעלביקט די ראַטן־סיסטעם מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, און ער איז געווען

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

גערעכט, ווייל די ראטן, *אונזערע* ראטן, זיינען אַן אָרגאַניזאַציע פון צוזאַמענהעפטן די אַרבעטנדיקע מאַסן אַרום דעם פּראָלעטאַריאַט בא דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי. אָבער ווען, וואו, אין וואָס פאַר אַן אַרבעט זיינער האָט לענין געשטעלט אַ גלייכהייט־צייכן צווישן דער „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי און דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, צווישן דער „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי און דער ראַטן־סיסטעם, ווי דאָס טוט איצט כ' זינאָוויעוו? דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט ווידערשפּרעכט ניט ניט נאָר די אָנפירונג („דיקטאַטור") פון דער פּאַרטיי, נאָר אויך די אָנפירונג („דיקטאַטור") פון די פירער. איז עפּשער זאָל מען *אויף דעם סמך* פּראָקלאַמירן, אַז אונזער לאַנד איז אַ לאַנד פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, *דאָס הייסט* אַ לאַנד פון דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי, *דאָס הייסט* אַ לאַנד פון דיקטאַטור פון די פירער? און גראַד צו דעראָזיקער נאַרישקייט פירט דאָך דער „פּרינציפּ" פון פאַרזעלביקן די „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט ביניִמעסדיק און ניט דרייסט דורכגעפירט דורכן כ' זינאָוויעוו.

אין לענינס פילצאָליקע ווערק האָט זיך מיר איינגעגעבן צו פאַרצייכענען בלויז פינף פאַלן, ווען לענין באַרירט פאַרבייגייענדיק די פראַגע וועגן דער דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי.

דער ערשטער פאַל — דאָס איז די פּאָלעמיק מיט די עסערן און מענשעוויקעס, וואו ער זאָגט:

„ווען מע וואַרפט אונז פאַר די דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי און מע לייגט פאָר, ווי איר האָט געהערט, אַן איינהייטלעכן סאָציאַליסטישן פראָנט, זאָגן מיר: יאָ, דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי! מיר שטייען דערויף, און אַראָפּגיין פון דעמדאָזיקן באָדן קאָנען מיר ניט, ווייל דאָס איז די פּאַרטיי, וועלכע האָט אין משך פון צענדליקער יאָרן אויסגעקעמפט די לאַגע פון אַן אַוואַנגאַרד פונם גאַנצן פאַבריק־זאַוואָדישן און אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט" (זע ב. XVI ז. 296).

דער צווייטער פאַל, — דאָס איז דער „בריוו צו די אַרבעטער און פּויערים מיקויעך דעם ניצאָכן איבער קאָלטשאַקן", וואו ער זאָגט:

„די פּויערים סטראַשעט מען (באַזונדערס די מענשעוויקעס און עסערן, אַלע, אַפילע די „לינקע" פון זיי) מיט דער סטראַשידלע פון „דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי", פון דער פּאַרטיי פון באָלשע־

וויקעס־קאָמוניסטן. אױף קאָלטשאַקס ביישפּיל האָבן זיך די פּויערים אויסגעלערנט ניט מוירע האָבן פאַר קיין סטראַשידלע, אָדער די דיקטאַטור (ד. ה. די אייזערנע מאַכט) פון די פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, אָדער די דיקטאַטור פונם אַרבעטער־קלאַס" (זע ב XVI ז. 306).

דער דריטער פאַל — דאָס איז לענינס רעדע אױפן 2־טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן אין דער פּאָלעמיק מיט טענערן. די דאָזיקע רעדע האָב איך ציטירט אויבן.

דער פערטער פאַל — דאָס זיינען עטלעכע שורעס אין דער בראָשור „די קינדער־קראַנקהייט". די געהעריקע ציטאַטן זיינען שוין אויבן געבראַכט געוואָרן.

און דער פינפטער פאַל — דאָס איז אַן אָנוואָרף פון אַ סכעמע וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אינם דריטן „לענין־זאַמלבוך" („לענינסקי סבאָרניק"), וואו עס איז פאַראַן אַן אונטערקעפּל מיטן נאָמען „די דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי" (זע „לענינישער זאַמלבוך", III ז. 497).

מע דאַרף פאַרצייכענען, אַז אין צוויי פאַלן פון די פינף, אינם לעצטן און אינם צווייטן פאַל, נעמט לענין די ווערטער „דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי" אין גענזנפיסלעך, בעפייזרעוש אונטערשטרייכנדיק דעם ניט פּינקטלעכן, פיגוראַלן זין פון דער דאָזיקער פאָרמול.

מע דאַרף אויך פאַרצייכענען, אַז אין די אַלע פאַלן פאַרשטייט לענין אונטער דער „דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי" אין דער באַציאונג צום אַרבעטער־קלאַס ניט קיין דיקטאַטור אינם אייגנטלעכן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט („אַ מאַכט, וואָס שפּאַרט זיך אױף גוואַלט"), נאָר די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אין קיין איינעם פון זיינע ווערק, פון די גרונטלעכע און צווייטראַנגיקע, וואו לענין טראַקטירט אָדער דערמאָנט פאַשעט וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און וועגן דער ראָלע פון דער פּאַרטיי אין דער סיסטעם פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, איז אפילו קיין רעמעז ניטאָ דערויף, אַז „די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז די דיקטאַטור פון אונזער פּאַרטיי". פאַרקערט, יעדעס זייטל, יעדע שורע פון די דאָזיקע ווערק שרייט מאַמעש קעגן אַזאַ פאָרמול (זע „מעלוכע און רעוואָלוציע", „די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי", „די קינדער־קראַנקהייט" א. א. וו.).

נאָך מער כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אין די טעזיסן פון 2־טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן וועגן דער ראָלע פון דער פּאָליטישער פּאַרטיי, די טעזיסן, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אונטער לענינס אומיטל־באַרער אָנפירונג, אַף וועלכע לענין האָט זיך ניט איין מאָל פאַרופן אין זיינע רעדעס, ווי אַף אַ מוסטער פון אַ ריכטיקער פאָרמולירונג פון דער ראָלע און אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי, — געפינען מיר ניט ק י י ן א י י נ צ י ק, בוכשטעבלעך ק י י ן א י י נ צ י ק וואָרט וועגן דער דיק־טאַטור פון דער פּאַרטיי.

וועגן וואָס רעדט דאָס אַלץ?

וועגן דעם, אַז:

א) לענין האָט ניט געהאַלטן די פאָרמול „דיקטאַטור פון דער פּאַר־טיי" פאַר קיין טאַדללאָזע, פּינקטלעכע, און דעריבער ווערט זי אין לע־נינס ווערק באַנוצט זייער זעלטן און ווערט צומאָלס גענומען אין גענז־פיסלעך;

ב) אין די ווייניקע פאַלן, ווען לענין איז געצוואונגען געווען, אין אַ פּאָלעמיק מיט קעגנער, צו ריידן וועגן דער דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי, פלעגט ער געוויינלעך דערקלערן, אַז אונטער דער דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי אין דער באַציאונג צום אַרבעטער־קלאַס דאַרף מען פאַרשטיין די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי;

ג) אין די אַלע פאַלן, ווען לענין האָט געהאַלטן פאַר נויטיק וויסנ־שאַפטלעך צו דעפינירן די ראָלע פון דער פּאַרטיי אין דער סיסטעם פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, האָט ער גערעדט א ו י ס ש ל י ס ל ע ך וועגן דער אָנפירנדיקער ראָלע פון דער פּאַרטיי (און אַזוינע פאַלן זיינען פאַראַן טויזנטער);

ד) טאָקע דערפאַר איז לענינען „ניט איינגעפאַלן" איינצושליסן אין דער גרונט־רעזאָלוציע וועגן דער ראָלע פון דער פּאַרטיי—איך האָב אין אויג די רעזאָלוציע פונם צווייטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן — די פאָר־מול פון „דיקטאַטור פון דער פּאַרטיי";

ה) ניט גערעכט פונם שטאַנדפּונקט פון לעניניזם און פּאָליטיש קורצ־זיכטיק זיינען די כאַווייריםְ, וועלכע פאַרזעלביקן אָדער פּרואוון זיך פאַר־זעלביקן די „דיקטאַטור" פון דער פּאַרטיי, און דאָס הייסט, די „דיקטאַ־טור פון די פירער", מיט דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווייל זיי צעשטערן די באַדינגונגען פון ריכטיקער קעגנזייטיקער פאַרהעלטע־ניש צווישן דעם אוואַנגאַרד און דעם קלאַס.

איך רייד שוין ניט וועגן דעם, אַז די פֿאָרמול „דיקטאַטור פֿון דער פּאַרטיי", גענומען אין די אויבן אָנגעוויזענע באַגרעניצונגען, קאָן שאַפֿן אַ גאַנצע ריי סאַקאָנעס און פּאָליטישע מינוסן אין אונזער פּראַקטישער אַרבעט. דורך דערדאָזיקער פֿאָרמול, אויב מע זאָל זי נעמען אָן אויס־ריידן, זאָגט מען קימאַט אונטער:

א) די אומפּאַרטייאישע מאַסן: דערוועקט אייך ניט צו דערווידערן, דערוועקט אייך ניט צו טראַכטן, ווייל די פּאַרטיי קאָן אַלץ, ווייל בא אונז איז דיקטאַטור פֿון דער פּאַרטיי;

ב) די פּאַרטייאישע קאַדרען: האַנדלט דרייסטער, דריקט אָן פֿעסטער, מע קאָן ניט צוהערן זיך צו דער שטים פֿון די אומ־פּאַרטייאישע מאַסן — בא אונז איז דיקטאַטור פֿון דער פּאַרטיי;

ג) דעם פּאַרטייאישן אויבנאָן: מע קאָן זיך דער־לויבן דעם לוקסוס פֿון געוויסער זעלבסטצופֿרידנקייט, מע קאָן זיך איינגנטלעך אפֿילע אביסל פֿאַרייסן, ווייל בא אונז איז דיקטאַטור פֿון דער פּאַרטיי, און „דאָס הייסט" דיקטאַטור פֿון די פֿירער.

וועגן דידאָזיקע סאַקאָנעס פּאַסט צו דערמאַנען גראַד איצט, אין אַ פּעריאָד פֿון אויפֿשטייג פֿון פּאָליטישער אַנטוויקלונג פֿון די מאַסן, ווען די גרייטקייט פֿון דער פּאַרטיי אויפֿמערקזאַם זיך צוצוהערן צו דער שטים פֿון די מאַסן האָט פֿאַר אונז אַ באַזונדערן ווערט, ווען די וואַכ־זאַמקייט צו די פֿאָדערונגען פֿון די מאַסן איז דער גרונט־געבאָט פֿון אונ־זער פּאַרטיי, ווען מיצאַד דער פּאַרטיי פֿאָדערט זיך אַ באַזונדערע פֿאַר־זיכטיקייט און אַ באַזונדערע בויגעוודיקייט אין דער פּאָליטיק, ווען די געפֿאַר פֿון פֿאַרייסן זיך איז איינע פֿון די סאַמע ערנסטע געפֿאַרן, וועל־כע שטייען פֿאַר דער פּאַרטיי אין דער זאַך פֿון ריכטיקער אָנפֿירונג מיט די מאַסן.

מע קאָן ניט ניט דערמאַנען זיך לעניס גאָלדענע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט אויפֿן 11 צוזאַמענפֿאָר פֿון אונזער פּאַרטיי:

„אין דער פֿאָלקסמאַסע זיינען מיר (קאָמוניסטן) דאָך אַ טראָפּן אין יאַם. און מיר קאָנען פֿאַרוואַלטן בלויז דאַן, ווען מיר דריקן ריכטיק אויס דאָס, וואָס דאָס פֿאָלק דערקענט. אָן דעם וועט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי ניט פֿירן דעם פּראָלעטאַריאַט, און דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט פֿירן נאָך זיך די מאַסן, און די גאַנצע מאַשין וועט צעפֿאַלן ווערן".

„ריכטיק אויסדריקן דאָס, וואָס דאָס פאָלק דערקענט" — דאָס איז טאַקע דער אומבאַדינגטער טנאַי, וועלכער גאַראַנטירט פאַר דער פּאַרטיי די ערנפולע ראָלע פון אַן אָנפירנדיקער גרונט־קראַפט אין דער סיסטעם פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

## VI. די פראגע וועגן זיג פון סאָציאַליזם אין איין לאַנד.

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פון לעניניזם" (אַפּריל 1924 יאָר) זיינען פאַראַן צוויי פאָרמולירונגען איבער דער פראַגע וועגן זיג פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד. די ערשטע פאָרמולירונג לויטעט:

„פריער האָט מען גערעכנט, אַז דער ניצאָכן פון דער רעוואָלוציע אין איין לאַנד איז אומעגלעך, האַלטנדיק, אַז פאַרן ניצאָכן איבער דער בורזשואַזיע איז נויטיק אַ געמיינזאַמער אַרויסטריט פון די פּראָלעטאַריער פון אַלע פאָרגעשריטענע לענדער, אָדער, אַלנפאַלס, פון דער מערהייט אַזוינע לענדער. איצט אַנטשפּרעכט שוין ניט דערדאָזיקער שטאַנדפּונקט דערווירקלעכקייט. איצט דאַרף מען אַרויסגיין פון דער מעגלעכקייט פון אַזאַ ניצאָכן, ווייל דער ניט גלייכמעסיקער און שפּרונגאַרטיקער אַנטוויקלונגס־כאַראַקטער פון פאַרשיידענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער אין דער אומגעבונג פון אימפּעריאַליזם, די אַנטוויקלונג פון קאַטאַסטראָפישע סטירעס אי־נעווייניק אינעם אימפּעריאַליזם, וואָס פירן צו אומפאַרמיידלעכע מילכאָמעס, דער וואוקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אַלע לענדער פון דער וועלט, — דאָס אַלץ פירט ניט בלויז צו דער מעגלעכקייט, נאָר אויך צו דער נויטווענדיקייט פונם ניצאָכן פונם פּראָלעטאַריאַט אין באַזונדערע לענדער" (זע דעם 3־טן קאַפּיטל פון דער בראָשור).

דידאָזיקע האַנאָכע איז אַ גאַנץ ריכטיקע און זי נויטיקט זיך ניט אין קיין פּיירושים. זי איז געווענדעט קעגן דער טעאָריע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האַלטן דאָס נעמען פון דער מאַכט דורכן פּראָלע־טאַריאַט אין איין לאַנד, אָן אַ גלייכצייטיקער זיגרייכער רעוואָלוציע אין די אַנדערע לענדער, — פאַר אַן אוטאָפּיע.

אָבער אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פון לעניניזם" איז פאַ־ראַן נאָך אַ צווייטע פאָרמולירונג. דאָרט ווערט געזאָגט*):

*) עס רעדט זיך וועגן דער ערשטער אויפלאַגע.

„אָבער אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון דער בורזשואַזיע און אוועקשטעלן די מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד הייסט נאָך ניט פאַרזיכערן דעם פולן ניצחון פונם סאָציאַליזם. די הויפּט־אויפגאַבע פונם סאָציאַליזם — די אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע — בלייבט נאָך פון פאָרנט. צי קאָן מען לייזן די־זיקע אויפגאַבע, צי קאָן מען זיך דערשלאָגן צום ענדגילטיקן ניצחון פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, אָן די געמייזאַמע אָנשטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון עטלעכע פאָרגעשריטענע לענדער? ניין, דאָס איז אומעגלעך. אַף אַראָפּצואוואַרפן די בורזשואַזיע זיינען גענוג די אָנשטרענגונגען פון איין לאַנד — דערויף זאָגט אונז אייגענע געשיכטע פון אונזער רעוואָלוציע. פאַרן ענדגילטיקן ניצחון פונם סאָציאַליזם, פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער פּראָדוקציע — זיינען שוין די אנשטרענגונגען פון איין לאַנד, באַזונדערס פון אַזאַ פּויערישער לאַנד, ווי רוסלאַנד, ניט גענוג, — דערצו זיינען נויטיק די אָנשטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון אייניקע פאָרגעשריטענע לענדער" (זע דאָרט).

דידאָזיקע צווייטע פאָרמולירונג איז געווען געווענדעט קעגן דער באַהויפּטונג פון די קריטיקער פון לעניניזם, קעגן די טראָצקיסטן, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד, בעשאַס עס איז ניטאָ קיין ניצחון אין אַנדערע לענדער, קאָן ניט „איינשטיין קעגן דער קאָנסערוואַטיווער אייראָפּע".

אַף אַזויפיל — אָבער נאָר אַף אַזויפיל — איז דידאָזיקע כאַראַקטעריסטיק דעמאָלט (אין אַפּריל 1924 יאָר) געווען גענוג, און האָט בלי ספק געבראַכט אַ געוויסן נוצן.

אָבער דערנאָך, ווען די קריטיק פונם לעניניזם אין דעמדאָזיקן טייל איז שוין באַקעמפט געוואָרן אין דער פּאַרטיי און ווען אַפן טאָג־סיידער האָט זיך געשטעלט אַ נייע פראַגע, די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט אויפצובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מיט די קויכעס פון אונזער לאַנד, אָן הילף פון דרויסן, — האָט זיך די צווייטע פאָרמולירונג אַרויסגעוויזן פאַר אַ בעפּיירעש ניט גענוגנדע און דערפאַר ניט ריכטיקע.

אין וואָס באַשטייט דער פעלער פון דערדאָזיקער פאָרמולירונג?

איר פעלער באַשטייט אין דעם, וואָס זי בינדט צוזאַמען אין איין פראַגע צוויי פאַרשיידענע פראַגן: די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט אויפצובויען דעם סאָציאַליזם מיט די קויכעס פון איין לאַנד, אַף

וואָס עס דאַרף געגעבן ווערן אַ פּאָזיטיווער ענטפער, און די פראַגע וועגן דעם, צי קאָן אַ לאַנד מיט אַ דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט האַלטן, אַז עס איז פולקום גאַראַנטירט פון אינטערווענץ, דאָס הייסט, פון רעסטאַווראַציע פון די אַלטע אָרדענונגען, אָן אַ ניצאָכן פון דער רעוואָלוציע אין אַ ריי אַנדערע לענדער, און דערויף דאַרף געגעבן ווערן אַ נעגאַטיווער ענטפער. איך רייד שוין ניט וועגן דעם, אַז דיזאָזיקע פאַרמולירונג קאָן געבן אַ מאָטיוו צו טראַכטן, אַז די אָרגאַניזירונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט מיט די קויכעס פון איין לאַנד איז אוממעגלעך, וואָס דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק.

אויף דעם גרונט האָב איך אומגעענדערט, אויסגעבעסערט דיזאָזיקע פאַרמולירונג אין מיין בראָשור „די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און די טאַקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן“ (דעקאַבער 1924 יאָר), צעגלידערנדיק דיזאָזיקע פראַגע אויף צוויי פראַגן: אויף דער פראַגע וועגן פולער גאַראַנטיע קעגן רעסטאַווראַציע פון די בורזשואַזע אָרדענונגען און דער פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט אויפצובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע אָרדענונג אין איין לאַנד. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן, ערשטנס, דורכן טראַקטירן דעם „פולן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם“, אַלס „פולע גאַראַנטיע קעגן דער צוריקאויפשטעלונג פון די אַלטע אָרדענונגען“, וואָס דאָס איז מעגלעך בלויז אויף אַן אויפן פון „געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען פון פּראָלעטאַריער פון עטלעכע לענדער“, און, צווייטנס, דורך פּראָקלאַמירן, אויפן גרונט פון לענינס בראָשור „וועגן קאָאָפּעראַציע“, דעם אומבאַשטרייטבאַרן עמעס, אַז מיר האָבן אַלץ, וואָס ס'איז נויטיק אויף אויפצובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט (זע „די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און די טאַקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן“).

דיזאָזיקע נייע פאָרמולירונג פון דער פראַגע איז געלייגט געוואָרן אין גרונט פון דער באַוואוסטער רעזאָלוציע פון דער פערצנטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ „וועגן די אויפגאַבן פונם קאָמינטערן און פון דער ר. ק. פּ.“, וועלכע באַטראַכט די פראַגע פונם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד אין פאַרבינדונג מיט דער סטאַביליזאַציע פונם קאַפּיטאַליזם (אַפּריל 1925 י.) און וועלכע האַלט די אויפבויאונג פונם סאָציאַליזם דורך די קויכעס פון אונזער לאַנד פאַר מעגלעך און נויטווענדיק.

זי האָט אויך געדינט אַלס גרונט פאַר מיין בראָשור „צו די סאַכאַקלען פון דער אַרבעט פון דער פערצנטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ“,

וועלכע איז ארויסגעגעבן געוואָרן אומיטלבאר נאָך דער פערצנטער פאַר־טיי־קאָנפערענץ, אין מאי 1925 יאָר.

איבער דער שטעלונג פון דער פראַגע וועגן דעם ניצאָכן פונם סאָ־ציאַליזם אין איין לאַנד ווערט אין דערדאָזיקער בראָשור געזאָגט:

„אונזער לאַנד שטעלט פאָר צוויי גרופּן סטירעס. איין גרופּע סטירעס — דאָס זיינען די אינערלעכע סטירעס, וועלכע עקזיסטירן צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום (דאָ רעדט זיך וועגן אויפבויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד. י. סט.). די צווייטע גרופּע סטירעס — דאָס זיינען סטירעס אויסערלעכע, וואָס זיינען פאַראַן צווישן אונזער לאַנד, אַלס לאַנד פון סאָציאַליזם, און אַלע איבעריקע לענדער, אַלס לענדער פון קאַפּיטאַליזם (דאָ רעדט זיך וועגן דעם ענדגילטיקן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם. י. סט.)“... „ווער עס מישט צונויף די ערשטע גרופּע סטירעס, וואָס קאָנען אבסאָלוט בייגעקומען ווערן דורך די אָנשטרענגונגען פון איין לאַנד, מיט דער צווייטער גרופּע סטירעס, וואָס פאַר איר לייזונג פאָדערן זיך די אָנשטרענגונגען פון פּראָלעטאַריער פון עטלעכע לענדער, — דער באַגייט דעם גרעסטן פעלער קעגן לענינִיזם, דער איז אָדער אַ מענטש, וואָס פּלאָנטערט, אָדער ער איז אַ פאַרפאַלענער אָפּאָרטוניסט“ (זע „צו די סאַכאַקלען פון דער ארבעט פון דער פערצנטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ“).

איבער דער פראַגע וועגן דעם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין אונזער לאַנד זאָגט די בראָשור:

„מיר קאָנען אויפבויען דעם סאָציאַליזם, און מיר וועלן אים בויען צוזאַמען מיטן פּויערטום, אונטער דער אָנפירונג פונם אַרבע־טער־קלאַס“... ווייל „בא דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט זיי־נען בא אונז פאַראַן... אַלע עלעמענטן, וועלכע זיינען נויטיק אף אויפצובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, בייקומענדיק אַלע און אַלערליי אינערלעכע שוועריקייטן, ווייל מיר קאָנען און מיר דאַרפן זיי בייקומען מיט אונזערע אייגענע קויכעס“ (זע דאָרט).

איבער דער פראַגע אָבער וועגן דעם ענדגילטיקן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם ווערט דאָרט געזאָגט:

„אַן ענדגילטיקער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם איז אַ פולע גאַ־ראַנטיע קעגן די פּרואוון פון אינטערווענץ און, הייסט דאָס, פון

רעסטאווראציע, ווייל אַ וויפל ניט איז ערנסטער פּרואוו פון רעס־טאַווראַציע קאָן פאָרקומען בלויז באַ אַן ערנסטער אונטערשטיצונג פון דרויסן, בלויז באַ דער אונטערשטיצונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל. דעריבער איז דאָס אונטערשטיצן אונזער רעוואָלוציע מיצאַד די אַרבעטער פון אַלע לענדער, און אַ פּשיטע שוין, דער ני־צאָכן פון דידאָזיקע אַרבעטער לעכאַלאַפּאָכעס אין עטלעכע לענדער איז אַ נויטיקער באַדינג פאַר דער פולער גאַראַנטיע פונם ערשטן זיגרייכן לאַנד קעגן די פּרואוון פון אינטערווענץ און רעסטאַווראַציע, אַ נויטיקער באַדינג פאַרן ענדגילטיקן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם" (זע דאָרט).

דאַכט זיך, קלאָר.

עס איז באַקאַנט, אַז אין דעמזעלביקן גייסט ווערט דידאָזיקע פראַגע געטייטשט אין מיין בראָשור „פראַגן און ענטפערן" (יוני 0925 יאָר) און אינם פּאָליטישן באַריכט פונם צ. ק. אַפן פערצנטן צוזאַמענפאָר פון אַל. ק. פּ. (דעקאַבר 1925 יאָר).

אָט דאָס זיינען די פאַקטן.

דידאָזיקע פאַקטן זיינען, מיין איך, באַוואוסט יעדן און אַלעמען, צווישן זיי אויך דעם כ' זינאָוויעוו.

אויב איצט, אין צוויי יאָר אַרום, נאָכן אידייאישן קאַמף אין דער פאַרטיי און נאָך דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אַף דער פערצנטער פאַרטיי־קאָנפערענץ (אַפּריל 1925 יאָר), געפינט כ' זינאָוו־יעוו פאַר מעגלעך אין זיין שלוסוואָרט אַפן פערצנטן פאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר (דעקאַבר 1925 יאָר) אַרויסצושלעפּן די אַלטע, אַבסאָלוט ניט גע־נוגנדע פאָרמול פון סטאַלינס בראָשור, וועלכע איז געשריבן געוואָרן אין אַפּריל 1924 יאָר, ווי אַ באַזע אַף צו לייזן די שוין געלייזטע פראַגע וועגן דעם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, — איז רעדט דידאָזיקע אייגנאַרטיקע מאַניר פון כ' זינאָוויעוו בלויז וועגן איין זאַך, אַז ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרפּלאָנטערט אין דערדאָזיקער פראַגע. שלעפּן די פאַרטיי צוריק נאָך דעם, ווי זי איז אַוועק פאָרויס, פאַרבייגיין די רעזאָלוציע פון דער פערצנטער פאַרטיי־קאָנפערענץ נאָך דעם, ווי זי איז באַשטעטיקט דורכן פּלענום פון צ. ק., — דאָס הייסט האָפענונגסלאָז פאַרפּלאָנטערן זיך אין סטירעס, ניט גלויבן אין דער זאַך פון בויען דעם סאָציאַליזם, אַראָפּגיין פון לעניִנס וועג און פאַנאַנדערשרייבן זיך אין דער אייגענער מאַפּאָלע.

וואָס הייסט אַזוינס די *מעגלעכקייט* פונם ניצחון פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד?

דאָס הייסט די מעגלעכקייט צו לייזן די סטירעס צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויערטום מיט די אינערלעכע קויכעס פון אונזער לאַנד, די מעגלעכקייט פאַרן פּראָלעטאַריאַט צו נעמען די מאַכט און אויסצונוצן דידאָזיקע מאַכט אַף אויפצובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אין אונזער לאַנד באַ דעם מיטגעפיל און אונטערשטיצונג פון די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע לענדער, אָבער אָן אַ פאַרויסיקן ניצחון פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין אַנדערע לענדער.

אָן אַזאַ מעגלעכקייט איז די בויאונג פונם סאָציאַליזם אַ בויאונג אָן אַ פּערספּעקטיוו, אַ בויאונג אָן אַ זיכערקייט אויפצובויען דעם סאָציאַליזם. מע קאָן ניט בויען דעם סאָציאַליזם, ניט זייענדיק זיכער, אַז די מע קאָן אים אויפבויען, ניט זייענדיק זיכער, אַז די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט פון אונזער לאַנד איז ניט קיין אומבאַזיגבאַרע שטערונג פאַר דער אויפבויאונג פון אַ פולער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. די אָפּלייקענונג פון אַזאַ מעגלעכקייט איז אָן אומגלויבן אין דער זאַך פון בויען דעם סאָציאַליזם, אָן אָפּגאַנג פון לעניניזם.

וואָס הייסט אַזוינס די *אומעגלעכקייט* פון אַ פולן, ענדגילטיקן ניצחון פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד אָן דעם פולן ניצחון פון די רעוואָלוציעס אין אַנדערע לענדער?

דאָס באַטייט די אומעגלעכקייט פון אַ פולער גאַראַנטיע קעגן אינטערווענץ, און דאָס הייסט, קעגן רעסטאַווראַציע פון די בורזשואַזע פּאַראַנדקעס אָן אַ ניצחון פון דער רעוואָלוציע, ווייניקסטנס אין אַ ריי לענדער. אָפּלייקענען דידאָזיקע אומבאַשטרייטבאַרע האַנאַכע הייסט אַוועקגיין פון אינטערנאַציאָנאַליזם, אַוועקגיין פון לעניניזם.

> „מיר לעבן, — זאָגט לענין, — ניט נאָר אין אַ מעלוכע, נאָר אויך אין אַ סיסטעם פון מעלוכעס, און די עקזיסטענץ פון דער ראַטן־רעפּובליק זייט באַ זייט מיט די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס קאָן מען זיך אַף אַ דויערהאַפטע צייט ניט פאָרשטעלן. סאָפּקאָלסאָף וועט אָדער איינס אָדער דאָס צווייטע זיגן. און ביז וואַנען דאָס וועט קומען, איז אַ ריי סאַמע שוידערלעכע צוזאַמענשטויסן צווישן דער ראַטן־רעפּובליק און די בורזשואַזע מעלוכעס אומפאַרמיידלעך. דאָס הייסט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט אַלס הערשנדיקער קלאַס, אויב ער וויל נאָר און וועט הערשן, דאַרף ער דאָס דער־

ווייזן אויך דורך זיין מיליטערישער אָרגאַניזאַציע" (ב. XVI ז. 102).

„מיר האָבן פאַר זיך, — זאָגט לענין אין אַן אַנדער אָרט, — אַ העכסט ניט שטאַנדהאַפטיקן, אָבער דאָך אַנצווייפלדיקן, אומ־באַשטרייטבארן, געוויסן גלייכגעוויכט. צי איז עס אַף לאַנג — ווייס איך ניט, איך מיין, אַז מע קאָן עס ניט וויסן. און דעריבער איז פון אונזער זייט נויטיק די גרעסטע פאָרזיכטיקייט. און דער ערשטער געבאָט פון אונזער פּאָליטיק, די ערשטע לערע, וועלכע דרינגט אַרויס פון אונזער רעגירונגס־טעטיקייט פאַרן יאָר, די לערע, וועלכע עס דאַרפן באַנעמען אַלע אַרבעטער און פּויערים, איז — זיין אַף דער וואַך, געדענקען, אַז מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט מענטשן, קלאַסן, רעגירונגען, וועלכע דריקן אָפן אויס דעם גרעסטן האַס צו אונז. מע דאַרף געדענקען, אַז מיר שטייען שטענדיק אַף אַ האָר פון יעטווידן אָנגריף" (ב. XVIII ט, I ז. 426).

דאַכט זיך, קלאָר.

ווי האַלט עס באַם כ' זינאָוויעוו מיקויעך דער פראַגע וועגן דעם ניצחון פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד?

הערט:

„אונטערן ענדגילטיקן ניצחון פונם סאָציאַליזם דאַרף מען פאַרשטיין לעכאָלאָפּאָכעס: 1) די פאַרניכטונג פון קלאַסן, דאָס הייסט, 2) די אָפּשאַפונג פון דער דיקטאַטור פון איין קלאַס, אין געגע־בענעם פאַל פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט"... „קעדיי נאָך קלאָרער צו מאַכן פאַר זיך, — זאָגט ווייטער כ' זינאָוויעוו, — ווי עס שטייט די פראַגע באַ אונז אין פּ. ס. ס. ר. אין 1925 יאָר, דאַרף מען אונטערשיידן צוויי זאַכן: 1) די באַוואָרנטע מעג־לעכקייט צו בויען דעם סאָציאַליזם — אַזאַ מעגלעכקייט צו בויען דעם סאָציאַליזם קאָן, פאַרשטייט זיך, פולקום געמאָלט זיין אויך אין די ראַמען פון איין לאַנד, און 2) די ענדגילטיקע אויפ־בויאונג און פאַרפעסטיקונג פונם סאָציאַליזם, ד. ה. די פאַרווירק־לעכונג פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, פון דער סאָציאַליסטי־שער געזעלשאַפט" (זע כ' זינאָוויעווס „לעניניזם", ז. 291 און 293).

וואָס קאָן דאָס אַלץ באַטייטן?

דאָס באַטייט, אַז אונטערן ענדגילטיקן ניצחון פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד פאַרשטייט כ' זינאָוויעוו ניט קיין גאַראַנטיע קעגן אינ־

טערוועגין און רעסטאווראציע, נאָר די מעגלעכקייט אויפצובויען א סאָ־ציאַליסטישע געזעלשאַפט. אונטערן ניצאָבן ווידער פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד פארשטייט כ׳ זינאָוויעוו אזא בויאונג פונם סאָציאַליזם, וואָס קאָן ניט און דאַרף ניט ברענגען צו דער אויפבויאונג פונם סאָציאַליזם. בויאונג אַף טאָמער, אָן א פערספעקטיוו, בויאונג פונם סאָציאַליזם בא דער אומעגלעכקייט אויפצובויען א סאָציאַליסטישע גע־זעלשאפט — דאָס איז די פּאָזיציע פון כ׳ זינאָוויעוו.

בויען דעם סאָציאַליזם אָן דער מעגלעכקייט אויפצו־בויען אים, בויען, וויסנדיק, אז דו וועסט ניט אויפבויען, — אָט צו וואָס פאר א אומגעלומפערטע זאכן עס האָט זיך דערערדט דער כ׳ זינאָוויעוו.

אָבער דאָס הייסט דאָך כויזעקן איבער דער פראגע, אָבער ניט לייזן די פראגע!

און אָט איז נאָך א שטעל פון כ׳ זינאָוויעווס שלוסוואָרט אַפן פערצנטן פארטיי־צוזאמענפאָר:

„איר טוט א קוק, צו וואָס עס האָט זיך, לעמאָשל, דערערדט דער כ׳ יאקאָוולעוו אַף דער לעצטער קורסקער גובערניאַלער פאר־טיי־קאָנפערענץ. צי קאָנען מיר אין איין לאַנד, — פרעגט ער, — זייענדיק ארומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט קאפיטאַליסטישע סאָנים, צי קאָנען מיר אין אזוינע באדינגונגען אין איין לאַנד אויפ־בויען דעם סאָציאַליזם? און ער ענטפערט: „אַפן גרונט פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, האָבן מיר דאָס רעכט צו זאָגן, אז ניט נאָר מיר בויען דעם סאָציאַליזם, נאָר אז ניט געקוקט דערויף, וואָס מיר זיינען דערווייל אליין, וואָס מיר זיינען דערווייל דאָס איינ־ציקע אין דער וועלט סאָוועטישע לאַנד, סאָוועטישע מעלוכע, — וועלן מיר דערמאָזיקן סאָציאַליזם אויפבויען" („קורסקאיא פראוו־דא" נומער 279 פון 8 דעקאבער 1925 יאָר). איז דאָס א לענינישע שטעלונג פון דער פראגע, שלאָגט דאָ ניט אָפּ דער רייאַך פון נאציאָנאַלער באַגרעניצטקייט?" *)

לויטן כ׳ זינאָוויעוו קומט אַזוי אויס, אז אָנערקענען די מעגלעכקייט אויפצובויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד — הייסט שטעלן זיך אַפן שטאַנדפונקט פון נאציאָנאַלער באגרעניצטקייט, און אָפּלייקענען

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

אזא מעגלעכקייט — הייסט שטעלן זיך אפן שטאנדפונקט פון אינטער־נאציאנאליזם.

אבער אויב דאס איז ריכטיק, — איז צי לוינט דען ביכלאל פירן א קאמף פארן ניצאכן איבער די קאפיטאליסטישע עלעמענטן פון אונזער ווירשטשאפט? צי איז דערפון ניט געדרונגען, אז אזא ניצאכן איז אוממעגלעך?

קאפיטולאציע פאר די קאפיטאליסטישע עלעמענטן פון אונזער ווירטשאפט — אט וואוהין עס דערפירט די אינערלעכע לאגיק פון כ' זינאוויעווס ארגומענטאציע.

און דעמדזאויקן נאנסענס, (שטוס, אומגעלומפערטקייט), וואס האט גארניט צו טאן מיטן לעניניזם, טראגט אונז כ' זינאוויעוו אונטער, ווי „אינטערנאציאנאליזם", ווי „הונדערטפראצענטיקן לעניניזם"!

איך באהויפט, אז אין דער וויכטיקסטער פראגע וועגן דער בויאונג פונם סאציאליזם טרעט כ' זינאוויעוו אפ פונם לעניניזם, אראפקייקלענדיק זיך אפן שטאנדפונקט פונם מענשעוויק סוכאנאוו.

לאמיר זיך ווענדן צו לענינען. אט וואס ער האט געזאגט וועגן דעם ניצאכן פונם סאציאליזם אין איין לאנד נאך פאר דער אקטיאבער־רעוואלוציע, אין אווגוסט 1915 יאר:

„די ניט גלייכמעסיקייט פון דער עקאנאמישער און פאליטישער אנטוויקלונג איז אן אומבאדינגטער געזעץ פונם קאפיטאליזם. דערפון איז געדרונגען, אז עס איז מעגלעך דער ניצאכן פונם סאציאליזם פריער אין וויניקע אדער אפילע אין איין, באזונדער גענומען, קאפיטאליסטיש לאנד. עקספראפריאירנדיק די קאפיטאליסטן און ארגאניזירנדיק בא זיך די סאציאליסטישע פראדוקציע*), וואלט דער זיגרייכער פראלעטאריאט פון דעמדאזיקן לאנד זיך געשטעלט קעגן דער איבעריקער קאפיטאליסטישער וועלט, צוציענדיק צו זיך די אונטערדריקטע קלאסן פון אנדערע לענדער, אויפהויבנדיק אין זיי אן אויפשטאנד קעגן די קאפיטאליסטן, ארויסטרעטנדיק אין פאל פון נויטווענדיקייט אפילע מיט מיליטערישער קראפט קעגן די עקספלואטאטארשע קלאסן און קעגן זייערע מעלוכעס" (זע ב. XIII ז. 133).

וואס באטייט לענינס אונטערגעשטראכענע פראזע „ארגאניזירנדיק בא זיך די סאציאליסטישע פראדוקציע"? דאס באטייט, אז דער

*) אונטערגעשטראכן דורך מיר.—י. סט.

פּראָלעטאַריאַט פונם זיגערישן לאַנד קאָן און דאַרף נאָכן נעמען די מאַכט אָרגאַניזירן בײַ זיך די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע. און וואָס באַטײַט „אָרגאַניזירן די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע״? דאָס באַטײַט אויפבויען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. אַסעך, אויב מע דאַרף דערווײַזן, אַז דידאָזיקע קלאָרע און באַשטימטע האַנאָכע לענינס נויטיקט זיך ניט אין קײן ווײַטערדיקע קאָמענטאַרן. אין קעגנפאַל וואָלטן ניט פאַרשטענדלעך געווען לענינס צורופן צו נעמען די מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט אין אָקטיאַבר פון 1917 יאָר.

איר זעט, אַז דידאָזיקע קלאָרע האַנאָכע לענינס אונטערשיידט זיך, ווי דער הימל פון דער ערד, פון כ׳ זינאָוויעווס פאַרפּלאָנטערטער און אַנטילענינישער האַנאָכע וועגן דעם, אַז מיר קאָנען בויען דעם סאָציאַליזם „אין די ראַמען פון אײן לאַנד״ בײַ דער אוממעגלעכקײט אויפצובויען אים.

דאָס האָט לענין געזאָגט אין 1915 יאָר, אײדער דער פּראָלעטאַריאַט האָט גענומען די מאַכט. נאָר עפּשער האָט זיך בײַ אים געענדערט דער קוק נאָך דער דערפאַרונג מיטן נעמען די מאַכט נאָכן 1917 יאָר? לאָמיר זיך ווענדן צו לענינס בראָשור „וועגן קאָאָפּעראַציע״, וועלכע איז געשריבן געוואָרן אין 1923 יאָר.

„און בעעמעס, — זאָגט לענין, — די מאַכט פון דער מעלוכע אויף אַלע גרויסע פּראָדוציר־מיטלען, די מאַכט פון דער מעלוכע אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט, דער בונד פון דעמדאָזיקן פּראָלעטאַריאַט מיט די פילע מיליאָנען קלײנע און קלענסטע פויערים, דאָס באַוואָרענען פאַר דעמדאָזיקן פּראָלעטאַריאַט די אָנפירונג בענויגייע דעם פויערטום א. א. וו. — איז דען דאָס ניט אַלץ, וואָס איז נויטיק דערויף, אַז פון דער קאָאָפּעראַציע, בלויז פון דער אײנער קאָאָפּעראַציע, וועלכע מיר האָבן פריער טרעטירט ווי אַ הענדלערישע, און וועלכע מיר האָבן אויך איצט בעאיים נעפּ פון אַ געוויסער זײַט דאָס רעכט אַזוי צו טרעטירן, צי איז דען דאָס ניט אַלץ, וואָס איז נויטיק אויף אויפצובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט*). דאָס איז נאָך ניט קײן אויפבויאונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, נאָר דאָס איז אַלץ, וואָס איז נויטיק און גענוג פאַר דערדאָזיקער אויפבויאונג״*).

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י. סט.

אַנדערש גערעדט: מיר קאָנען און דאַרפן אויפבויען אַ פולע סאָצי־
אַליסטישע געזעלשאַפט, ווייל מיר האָבן אין אונזער רעשוס אַלץ, וואָס
איז נויטיק און גענוג פאַר דערדאָזיקער אויפבויאונג.

דאַכט זיך, אַז ס'איז שווער אויסצודריקן זיך נאָך קלאָרער.

פאַרגלייכט דידאָזיקע קלאַסישע לענינס האַנאַכע מיט כ' זינאָוו־
יעווס אַנטילעניניש אָפּענטפערן דעם כ' יאַקאָוולעוו, וועט איר פאַרשטיין,
אַז יאַקאָוולעוו האָט בלויז איבערגעכאַזערט לענינס ווערטער וועגן דער
מעגלעכקייט אויפצובויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, און זינאָוויעוו
איז, אַרויסטרעטנדיק קעגן דערדאָזיקער האַנאָכע, שמייסנדיק דעם
כ' יאַקאָוולעוו, אָפּגעטראָטן פון לענינען און האָט זיך געשטעלט אַפן
שטאַנדפונקט פונם מענשעוויק סוכאַנאָוו, אַפן שטאַנדפונקט פון אומעג־
לעכקייט אויפצובויען דעם סאָציאַליזם אין אונזער לאַנד צוליב איר
טעכנישער אָפּגעשטאַנענקייט.

עס איז בלויז ניט באַוואוסט, צוליב וואָס האָבן מיר עס גענומען
די מאַכט אין אָקטיאַבר פון 1917 יאָר, אויב מיר האָבן ניט גערעכנט
אויפצובויען דעם סאָציאַליזם?

מע האָט ניט געדאַרפט נעמען די מאַכט אין
אָקטיאַבר פון 1917 יאָר, — אָט צו וואָס פאַר אַן אויספיר
עס ברענגט די אינערלעכע לאָגיק פון כ' זינאָוויעווס אַרגומענטאַציע.

איך באַהויפּט ווייטער, אַז אין דער וויכטיקסטער פראַגע וועגן דעם
ניצאָכן פון סאָציאַליזם איז כ' זינאָוויעוו אַוועק קעגן באַשטימטע
באַשלוסן פון אונזער פּאַרטיי, וועלכע זיינען פאַרפיקסירט אין דער באַ־
וואוסטער רעזאָלוציע פון דער פערצנטער פּאַרטיי־קאָנפערענץ „וועגן די
אויפגאַבן פון קאָמינטערן און פון דער ר. ק. פּ. אין צוזאַמענהאַנג מיטן
פאַרברייטערטן פּלענום פונם אויספירקאָם פון קאָמינטערן".

לאָמיר זיך ווענדן צו דערדאָזיקער רעזאָלוציע. אָט וואָס דאַרט ווערט
געזאָגט וועגן דעם ניצאָכן פון סאָציאַליזם אין איין לאַנד:

„די אָנוועזנהייט פון צוויי דירעקט קעגנזעצלעכע געזעלשאַפט־
לעכע סיסטעמען רופט אַרויס אַ שטענדיקע דראָונג פון אַ קאַפּיטאַ־
ליסטישער בלאָקאַדע, פון אַנדערע פאַרמען פון עקאָנאָמישן דרוק,
פון באַוואָפנטער אינטערווענץ, רעסטאַוראַציע. די איינציקע גאַ־
ראַנטיע פאַרן ענדגילטיקן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם, ד. ה. אַ גאַראַנ־
טיע קעגן רעסטאַוראַציע*) איז, אַלזאָ, די זיגרייכע

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י. סט.

סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין א ריי לענדער"... „דער לעניניזם לערנט, אַז דער ענדגילטיקער ניצחון פונם סאָציאַליזם איינם זיין פון פולער גאראנטיע קעגן דער רעסטאווראציע*) פון בורזשואזע פארהעלטענישן איז מעגלעך נאָר אין אינטערנאַציאָנאַלן מאסשטאַב"... „דערפון איז קלאָר ניט געדרונגען*), אַז עס איז אומעגלעך די אויפבויאונג פון א פולער סאָציאליסטישער געזעלשאפט*) אין אזא אָפּגעשטאַנען לאַנד, ווי רוסלאַנד, אָן דער „מעלוכישער הילף" (טראָצקי) פון די מער אַנטוויקלטע אין טעכניש־עקאָנאָמישער הינזיכט לענדער" (זע די רעזאָלוציע).

איר זעט, אַז די רעזאָלוציע טראַקטירט דעם ענדגילטיקן ניצאָכן פון סאָציאַליזם, ווי א גאראנטיע קעגן אינטערווענץ און רעסטאַוראַציע, — אין פולן הייפעך צו כ' זינאָוויעווס טראקטירונגען אין זיין בוך „לעניניזם".

איר זעט, אַז די רעזאָלוציע אַנערקענט די מעגלעכקייט אויפצובויען א פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט אין אַזאַ אָפּגעשטאַנען לאַנד, ווי רוסלאַנד, אָן דער „מעלוכישער הילף" פון די אין טעכניש־עקאָנאָמישער הינזיכט מער אַנטוויקלטע לענדער, — אין פולן הייפעך צו כ' זינאָוויעווס פאַרקערטער באַהויפּטונג אין זיין ענטפער דעם כ' יאַקאָוולעוו אינם שלוס־וואָרט אפן פערצנטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר.

ווי זאָל עס הייסן, אויב ניט קאַמף פונם כ' זינאָוויעוו קעגן דער רעזאָלוציע פון דער פערצנטער פאַרטיי־קאָנפערענץ?

אוודע זיינען פאַרטייאישע רעזאָלוציעס צומאָלם ניט אָן זינד, עס טרעפט, אַז פאַרטייאישע רעזאָלוציעס אַנטהאַלטן אין זיך פעלערן ביכלאַל גערעדט, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז די רעזאָלוציע פון דער פערצנטער פאַרטיי־קאָנפערענץ אַנטהאַלט אויך אייניקע פעלערן. מעגלעך, אַז כ' זינאָוויעוו האַלט די געגעבענע רעזאָלוציע פאַר א פעלערהאפטע. אָבער דעמאָלט דאַרף מען וועגן דעם זאָגן קלאָר און אָפן, ווי עס פאַסט פאַר אַ באָלשעוויק. נאָר צוליב עפּעס אַ סיבע טוט עס כ' זינאָוויעוו ניט. ער האַלט פאַר בעסער אויסצוקלייבן אַן אַנדער וועג, דעם וועג פון הינטנאַרומיקע אַטאַקעס אַף דער רעזאָלוציע פון דער פערצנטער פאַרטיי־קאָנפערענץ, פאַרשווייגנדיק דידאָזיקע רעזאָלוציע און ניט אַרויסטרעטנדיק מיט אַ וואָסער ס'ניט איז קריטיק פון דער רעזאָלוציע.

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — י. סט.

כ׳ זינאָוויעוו מיינט, ווייזט אויס, אַז דערדאָזיקער וועג דערגרייכט בעסער פון אַלץ דעם ציל. און דער ציל איז בא אים איינער — „פאַרבעסערן" די רעוואָלוציע און „אַביסעלע" „פאַריכטן" לענינען. איך מיין, מע דאַרף ניט דערווייזן, אַז כ׳ זינאָוויעוו האָט זיך טויע געווען אין זיינע כעשבוינעס.

פון וואַנען שטאַמט כ׳ זינאָוויעווס פעלער, וואו איז דער וואָרצל פון דעמדאָזיקן פעלער?

דער וואָרצל פון דעמדאָזיקן פעלער באַשטייט, לויט מיין מיינונג, אין כ׳ זינאָוויעווס זיכערקייט דערין, אַז די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט פון אונזער לאַנד איז אַ שטערונג, וועלכע מע קאָן ניט בייקומען, פאַר דער אויפבויאונג פון אַ פולער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט אויפבויען דעם סאָציאַליזם צוליב דער טעכנישער אָפּגעשטאַנענקייט פון אונזער לאַנד. כ׳ זינאָוויעוו און כ׳ קאַמענעוו האָבן איין צייט געפּרואווט אַרויסטרעטן מיט דעמדאָזיקן אַרגומענט אויף איינער פון די זיצונגען פונעם צ. ק. פון דער פּאַרטיי פאַר דער אַפּריל־קאָנפערענץ. זיי האָבן אָבער באַקומען דעם געהעריקן ענטפער און זיינען געצוואונגען געווען אָפּצוטרעטן, אונטערוואַרפנדיק זיך פאָרמעל דעם קעגנזעצלעכן שטאַנדפּונקט, דעם שטאַנדפּונקט פון דער מערהייט פונעם צ. ק. אָבער אונטערוואַרפנדיק זיך אים פאָרמעל, האָט כ׳ זינאָוויעוו די גאַנצע צייט פאַרגעזעצט דעם קאַמף מיט אים (זע כ׳ זינאָוויעווס בוך „לעניניזם" און דאָס שלוסוואָרט אויפן פערצנטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר). אָט וואָס עס זאָגט וועגן דעמדאָזיקן אינצידענט אינעם צ. ק. פון אל. ק. פּ. דער מאָסקווער קאָמיטעט פון אונזער פּאַרטיי אין זיין „ענטפער" אויפן בריוו פון דער לענינגראַדער גובפּאַרטקאָנפערענץ:

„דאָ ניט גאָר לאַנג האָבן די כאַווײרים קאַמענעוו און זינאָוויעוו פּאַרטיידיקט אין פּאָליטביוראָ דעם שטאַנדפּונקט, אַז מיר קאָנען זיך קלוימערשט קיין אייצע ניט געבן מיט די אינערלעכע שוועריקייטן צוליב אונזער טעכנישער און עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט, אויב נאָר עס וועט אונז ניט ראַטעווען די אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע. מיר ווידער, צוזאַמען מיט דער מערהייט פון צ. ק., האַלטן, אַז מיר קאָנען בויען דעם סאָציאַליזם, אַז מיר בויען און וועלן אים אויסבויען, ניט געקוקט אויף אונזער טעכנישער אָפּגעשטאַנענקייט, טראָץ איר. מיר האַלטן, אַז דידאָזיקע בויאונג וועט,

פאַרשטייט זיך, גיין אַסאַך לאַנגזאַמער, ווי אין באַדינגונגען פון אַ וועלט־ניצאָכן, אָבער דאָך גייען מיר און וועלן גיין פאָרויס. מיר מיינען אויך, אַז דער שטאַנדפּונקט פון די כ״כ קאַמענעוו און זינאָוויעוו דריקט אויס דעם ניט גלויבן אין די אינערלעכע קויכעס פון אונזער אַרבעטער־קלאַס און פון די פּויערשע מאַסן, וועלכע גייען נאָך אים. מיר מיינען, אַז דאָס איז אַן אָפּגאַנג פון דער לעניניסטישער פּאָזיציע" (זע דעם „ענטפער").

דערדאָזיקער דאָקומענט האָט זיך באַוויזן אין דרוק בעת די ערשטע זיצונגען פונם פערצנטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. כ' זינאָוויעוו האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן קעגן דעמדאָזיקן דאָקומענט נאָך אויפן צוזאַמענפאָר. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס בעת די כ״כ זינאָוויעוו און קאַמענעוו האָבן זיך ניט געפונען קיין אַרגומענטן קעגן דערדאָזיקער שווערער באַשולדיקונג, וועלכע עס האָט קעגן זיי אַרויסגעשטעלט דער מאָסקווער קאָמיטעט פון אונזער פּאַרטיי. איז עס צופעליק? איך מיין, אַז ניט צופעליק. די באַשולדיקונג האָט, ווייזט אויס, געטראָפן אין ציל. כ' זינאָוויעוו און כ' קאַמענעוו האָבן „געענטפערט" אויף דערדאָזיקער באַשולדיקונג מיט שווייגן דערפאַר, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו „דעקן".

די נייע אָפּאָזיציע באַליידיקט זיך, וואָס מע באַשולדיקט דעם כ' זינאָוויעוו אין ניט גלויבן אין דער זאַך פון ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין אונזער לאַנד. נאָר אויב נאָך אַ גאַנץ יאָר באַטראַכטן די פראַגע וועגן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, נאָך דעם, ווי כ' זינאָוויעווס שטאַנדפּונקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דער פּאָליטביוראָ פון צ. ק. (אַפּריל 1925 י.), נאָך דעם, ווי עס האָט זיך שוין אויסגעבילדעט אַ באַשטימטע מיינונג פון דער פּאַרטיי איבער דערדאָזיקער פראַגע, וואָס איז פאַרפעסטיקט געוואָרן אין דער באַוואוסטער רעזאָלוציע פון דער 14 פּאַרטיי־קאָנפערענץ (אַפּריל 1925 י.), אויב נאָך דעם אַלעם באַשליסט זיך כ' זינאָוויעוו אַרויסצוטרעטן אין זיין בוך „לעניניזם" (סענטיאַבר 1925 יאָר) קעגן דעם שטאַנדפּונקט פון דער פּאַרטיי, אויב ער כאַזערט דערנאָך איבער דידאָזיקע אַרויסטרעטונג אויפן פערצנטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, — איז ווי זאָל מען דערקלערן דאָס אַלץ, דידאָזיקע איינגעשפּאַרטקייט, דידאָזיקע האַרטקייט אין פּאַרטיידיקן זיין פעלער, אויב ניט דערמיט, וואָס כ' זינאָוויעוו איז אָנגעשטעקט,

האָפענונגסלאָז אַנגעשטעקט מיט ניט גלויבן אין דער זאַך פון ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין אונזער לאַנד ?

דעם כ' זינאָוויעוו געפעלט צו טראַקטירן דעמדאָזיקן ניט־גלויבן זיינעם ווי אינטערנאַציאָנאַליזם. אָבער פון ווען אָן האָט מען אָנגעהויבן באַ אונז טראַקטירן ווי אינטערנאַציאָנאַליזם דאָס אָפּטרעטן פון לעניניזם אין אַ קאַרדינאַלער פראַגע פון לעניניזם ?

וועט דען ניט ריכטיקער זיין צו זאָגן, אַז ניט די פּאַרטיי, נאָר כ' זינאָוויעוו זינדיקט דאָ קעגן אינטערנאַציאָנאַליזם און קעגן דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע ? ווייל וואָס איז אַזוינס אונזער לאַנד פון „זיך בויענדיקן סאָציאַליזם", אויב ניט קיין באַזע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע ? צי קאָן דאָס אָבער זיין אַן עמעסע באַזע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע, אויב דאָס איז ניט פעאיק אויפצובויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ? צי קאָן דאָס פאַרבלייבן אַלס גרעסטער צוציאונגס־צענטר פאַר די אַרבעטער פון אַלע לענדער, וואָס אַזאַ איז דאָס אַן סאָפעק איצט, אויב דאָס איז ניט פעאיק זיך דערשלאָגן באַ זיך צו אַ ניצאָכן איבער די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונזער ווירטשאַפט, צו אַ ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג ? איך מיין, אַז עס קאָן ניט. צי איז אָבער דערפון ניט גערדרונגען, אַז דער ניטגלויבן אינם ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג, דאָס פרייִדיקן דעמדאָזיקן ניטגלויבן פירט דערצו, אַז אונזער לאַנד זאָל אַנטקרוינט ווערן אַלס באַזע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע, אָבער דאָס אַנטקרוינען פון אונזער לאַנד פירט צו דער אָפּשוואַכונג פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ? מיט וואָס פלעגן די הערן סאָציאַל־דעמאָקראַטן אָפּשרעקן פון אונז די אַרבעטער ? מיט דאַרשענען וועגן דעם, אַז „באַ די רוסן וועט גאָרנישט ניט אַרויסקומען". מיט וואָס שלאָגן מיר איצט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, צוציענדיק צו זיך גאַנצע רייען אַרבעטער־דעלעגאַציעס און פאַרפעסטיקנדיק דערמיט גופע די פּאָזיציעס פונם קאָמוניזם אין דער גאַנצער וועלט ? מיט אונזערע ערפאָלגן אין בויען דעם סאָציאַליזם. איז דען אָבער נאָך דעם ניט קלאָר, אַז ווער עס פרייִדיקט ניטגלויבן אין אונזערע ערפאָלגן אין דער בויאונג פונם סאָציאַליזם, דער העלפט אומדירעקט מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, דער שוואַכט אָפּ דעם פאַרנעם פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דער טרעט אומפאַרמיידלעך אָפּ פונם אינטערנאַציאָנאַליזם ?...

איך זעט, אַז מיט כ׳ זינאָוויעווס „אינטערנאַציאָנאַליזם“ האַלט עס אבסאָלוט ניט בעסער, ווי מיט זיין „הונדערטפּראָצענטיקן לעניניזם“ אין דער פראַגע וועגן בויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד.

דעריבער האָט דער פערצנטער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר ריכטיק גע־טאָן, ווען ער האָט דעם שטאַנדפּונקט פון דער נייער אָפּאָזיציע דעפי־נירט, ווי „ניטגלויבן אין דער זאַך פון בויען דעם סאָציאַליזם“ און ווי אַ „פאַרקריפּלונג פונעם לעניניזם“.

## VII. דער קאַמף פאַר ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג.

איך האַלט, אַז דאָס ניטגלויבן אינעם ניצאָכן פון דער סאָציאַליס־טישער בויאונג איז דער גרונט־פעלער פון דער נייער אָפּאָזיציע. דער־דאָזיקער פעלער איז, לויט מיין מיינונג, דער איקערדיקער, ווייל פון אים שטאַמען אַלע איבעריקע פעלערן פון דער נייער אָפּאָזיציע. די פע־לערן פון דער נייער אָפּאָזיציע איבער די פראַגן וועגן נעפּ, וועגן מעלו־כע־קאַפּיטאַליזם, וועגן דעם מעהוס פון אונזער סאָציאַליסטישער אינ־דוסטריע, וועגן דער ראָלע פון דער קאָאָפּעראַציע בא דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועגן די מעטאָדן פון קאַמף מיטן באַלעגופנטום, וועגן דער ראָלע און ספּעציפישן געוויכט פונעם מיטלפויערטום, — די אַלע פעלערן זיינען רעזולטאַטיווע פונעם גרונט־פעלער פון דער אָפּאָזיציע, פונעם ניטגלויבן אין דער מעגלעכקייט אויפצובויען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט מיט די קויכעס פון אונזער לאַנד.

וואָס הייסט ניטגלויבן אינעם ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין אונזער לאַנד?

דאָס הייסט, פריער פאַר אַלץ, אַז עס איז ניטאָ קיין זיכערקייט אין דעם, אַז די גרונט־מאַסן פונעם פויערטום *קאָנען*, צוליב די גע־וויסע אַנטוויקלונגס־באַדינגונגען פון אונזער לאַנד, *אַריינציען זיך* אין דער זאַך פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

דאָס הייסט, צווייטנס, אַז עס איז ניטאָ קיין זיכערקייט אין דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פון אונזער לאַנד, וועלכער האָט אין זיין רעשות די קאָמאַנדיר־הויכן פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט, *איז פעאיק* אַריינצוציען די גרונט־מאַסן פונעם פויערטום אין דער זאַך פון סאָציאַ־ליסטישער בויאונג.

פון דידאָזיקע האנאכעס גייט שווייגנדיק אַרויס די אָפּאָזיציע אין אירע קאָנסטרוקציעס מיקויעך די וועגן פון אונזער אַנטוויקלונג, — אַלץ איינס, — צי זי טוט עס באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק.

אין דער בראָשור „וועגן די יעסוידעס פון לעניניזם" זיינען פאַראַן מיקויעך דעם צוויי גרונט־האנאכעס:

1) „מע טאָר ניט צונויפמישן דאָס פויערטום פונעם ראַטנפאַרבאַנד מיטן פויערטום פון מאַירעוו. דאָס פויערטום, וואָס איז דורכגעגאַנגען די שול פון דריי רעוואָלוציעס, וואָס האָט געקעמפט קעגן צאַר און קעגן דער בורזשואַזער מאַכט צוזאַמען מיטן פראָלעטאַריאַט און בעראָש מיטן פראָלעטאַריאַט, דאָס פויערטום, וואָס האָט באַקומען ערד און שאָלעם פון די הענט פון דער פראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און וואָס איז צוליב דעם געוואָרן אַ רעזערוו פונעם פראָלעטאַריאַט, — דאָסדאָזיקע פויערטום קאָן ניט ניט אונטערשיידן זיך פון דעם פויערטום, וואָס האָט בעאיים דער בורזשואַזער רעוואָלוציע געקעמפט בעראָש מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, וואָס האָט באַקומען די ערד פון די הענט פון דערדאָזיקער בורזשואַזיע און וואָס איז צוליב דעם געוואָרן אַ רעזערוו פון דער בורזשואַזיע. אַסער, אויב מע דאַרף דערווייזן, אַז דאָס סאָוועטישע פויערטום, וואָס איז געוואוינט צו שעצן די פּאָליטישע פריינטשאַפט און פּ אָ ל י ט י ש ע מיטאַרבעט מיטן פראָלעטאַריאַט און וואָס האָט צו פאַרדאַנקען איר פרייהייט דערדאָזיקער פריינטשאַפט און דערדאָזיקער מיטאַרבעט, — אַז דאָסדאָזיקע פויערטום קאָן ניט ניט בילדן קיין אויסערסט גינציקן מאַטעריאַל פאַר דער ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר מיטאַרבעט מיטן פראָלעטאַריאַט".

2) „מע טאָר ניט צונויפמישן די לאַנדווירטשאַפט פון רוסלאַנד מיט דער לאַנדווירטשאַפט פון מאַירעוו. דאָרט גייט די אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט לויט דער געוויינלעכער ליניע פון קאַפּיטאַליזם, אין באַדינגונגען פון טיפער דיפערענצירונג פונעם פויערטום, מיט גרויסע גיטער און פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישע לאַטיפונדיעס אַף איין פּאָלוס, מיט פּאַופּעריזם, דאַלעס און לוינשקלאַפעריי — אַפן צווייטן. דאָרט איז די צעפאַלונג און צעלייגונג צוליב דעם גאַנץ נאַטירלעך. ניט אַזוי איז אין רוסלאַנד. בא אונז קאָן ניט די אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אַוועק אַף אַזאַ וועג, זאָל זיין אפילע דערפאַר, וואָס די אַנוועזנהייט פון ראַטנמאַכט

און די נאַציאָנאַליזירונג פון די גרונט־געצייג און פּראָדוציר־מיטלען דערלאָזן ניט אַזאַ אַנטוויקלונג. אין רוסלאַנד מוז די אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אַוועק מיט אַן אַנדער וועג, מיטן וועג פון קאָאָפּערירן די מיליאָנען פונם קליינעם און מיטעלן פּויערטום, מיטן וועג פון אַנטוויקלען אין דאָרף די מאַסן־קאָאָפּעראַציע, וועלכע ווערט אונטערגעשטיצט דורך דער מעלוכע אויף אַן אויפן פון לגאַטנער קרעדיטירונג. לענין האָט אין די אַרטיקלען וועגן קאָאָפּעראַציע ריכטיק אָנגעוויזן, אַז די אַנטוויקלונג פון דער לאַנדווירטשאַפט דאַרף בײַ אונדז אַוועק מיט אַ נייעם וועג, מיטן וועג פון אַרייננציען די מערהייט פּויערים אין דער סאָציאַליסטישער בויאונג דורך דער קאָאָפּעראַציע, מיטן וועג פון בעהאַדראַגיקן אַרייננדרינגען פון די פּרינציפּן פון קאָלעקטיוויזם אין דער לאַנדווירטשאַפט אַפּריער אין געביט פון אָפּזאַץ, און דערנאָך אין געביט פון פּראָדוצירן די פּראָדוקטן פון דער לאַנדווירטשאַפט"... „אָסער, אויבמע דאַרף דערווייזן, אַז די גוואַלטיקע מערהייט פונם פּויערטום וועט זיך גערן שטעלן אויף דעמדאָזיקן נייעם וועג פון אַנטוויקלונג, אָפּוואַרפנדיק אײַנגאַנצן דעם וועג פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישע לאַטיפונדיעס און לוין־שקלאַפּעריי, דעם וועג פון דאַלעס און רואינירונג".

צי זײַנען ריכטיק דידאָזיקע האַנאַכעס?

איך האַלט, אַז דידאָזיקע בײדע האַנאַכעס זײַנען ריכטיק און אומבאַשטרײַטבאַר פאַר אונזער גאַנצן בויאונגס־פּעריאָד אין די באַדינגונגען פון נעפּ.

זיי זײַנען בלויז אַן אויסדריק פון לענינס באַוואוסטע טעזיסן וועגן צוזאַמענשלוס פונם פּראָלעטאַריאַט מיטן פּויערטום, וועגן אַרײַנשליסן די פּויערשע ווירטשאַפטן אין דער סיסטעם פון סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג פונם לאַנד, וועגן דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיך באַוועגן צום סאָציאַליזם צוזאַמען מיט די גרונט־מאַסן פונם פּויערטום, וועגן דעם, אַז די קאָאָפּערירונג פון די מיליאָניקע מאַסן פּויערטום איז דער גענעראַלער וועג פון סאָציאַליסטישער בויאונג אין דאָרף, אַז באַם וואוקס פון אונזער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע איז „דער פּאָשעטער וואוקס פון קאָאָפּעראַציע פאַר אונדז דאָסזעלביקע, וואָס דער וואוקס פונם סאָציאַליזם" (זע ב. XVIII ט. 2, ז. 144).

בעעמעס, מיט וואָס פאַר אַ וועג קאָן און דאַרף גיין די אַנטוויקלונג פון דער פויערשער ווירטשאַפט אין אונזער לאַנד?

די פויערשע ווירטשאַפט איז ניט קיין קאַפּיטאַליסטישע ווירט־שאַפט. די פויערשע ווירטשאַפט, אויב מע זאָל נעמען די איבערוועגנדיקע מערהייט פויערשע ווירטשאַפטן, איז אַ ווירטשאַפט אַ קליינסכוירישע. און וואָס איז אַזוינס אַ קליינסכוירישע פויערשע ווירטשאַפט? דאָס איז אַ ווירטשאַפט, וואָס שטייט אויפן שיידוועג צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם. זי קאָן זיך אַנטוויקלען סיי אין דער זייט פון קאַפּיטאַליזם, ווי דאָס קומט איצט פאָר אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, סיי אין דער זייט פון סאָציאַליזם, ווי דאָס דאַרף פאָרקומען בא אונז, אין אונזער לאַנד, בא דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ ניט־שטאַנדהאַפטיקייט, ניט זעלבשטענ־דיקייט פון דער פויערשער ווירטשאַפט? מיט וואָס זאָל מען זי דער־קלערן?

דערקלערן קאָן מען זי מיט דער צעשטויבטקייט פון דער פויערשער ווירטשאַפט, מיט זייער ניט־אָרגאַניזירטקייט, מיט זייער אָפּהענגיקייט פון שטאָט, פון דער אינדוסטריע, פון דער קרעדיט־סיסטעם, פונם כאַ־ראַקטער פון דער מאַכט אין לאַנד, ענדלעך, מיט דער אַלגעמיין־באַ־וואוסטער האַנאָכע, אַז דאָס דאַרף גייט און מוז גיין נאָך דער שטאָט, סאַי אין מאַטעריעלער, סאַי אין קולטורעלער הינזיכט.

דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונגס־וועג פון דער פויערשער ווירטשאַפט באַטייט אַן אַנטוויקלונג דורך דער טיפסטער דיפערענצירונג פונם פויערטום, מיט גרויסע לאַטיפונדיעס אויף איין פּאַליוס און מאַסן־פּאַרארימונג אויפן צווייטן פּאַליוס. אַזאַ אַנטוויקלונגס־וועג איז אומפאַר־מיידלעך אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווייל דאָס דאַרף, די פויערשע ווירטשאַפט איז אָפּהענגיק פון דער שטאָט, פון דער אינדוסטריע, פונם קאָנצענטרירטן קרעדיט אין שטאָט, פונם כאַראַקטער פון דער מאַכט, און אין שטאָט הערשט די בורזשואַזיע, די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסט־ריע, די קאַפּיטאַליסטישע קרעדיט־סיסטעם, די קאַפּיטאַליסטישע מע־לוכע־מאַכט.

צי איז דערדאָזיקער אַנטוויקלונגס־וועג פון די פויערשע ווירט־שאַפטן אַ מוז אין אונזער לאַנד, וואו די שטאָט האָט גאָר אַן אַנדער אויסזעען, וואו די אינדוסטריע געפינט זיך אין די הענט פונם פּראָלע־טאַריאַט, וואו דער טראַנספּאָרט, די קרעדיט־סיסטעם, די מעלוכע־מאַכט

א. א. וו. זיינען קאָנצענטרירט אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט, וואו די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד איז אַן אַלגעמיינער געזעץ אין לאַנד? פאַרשטייט זיך, ניט קיין מוז. פאַרקערט, טאַקע דערפאַר, ווייל די שטאַט איז די אָנפירערין פונם דאָרף, און אין שטאַט הערשט בא אונז דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האַלט אין די הענט אַלע קאָמאַנדיר־הויכן פון דער פאָלקסווירטשאַפט, טאַקע דערפאַר מוזן די פּויערשע ווירטשאַפטן אין זייער אַנטוויקלונג אַוועק מיט אַן אַנדער וועג, מיטן וועג פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

וואָס איז עס פאַר א וועג?

דאָס איז דער וועג פון מאַסאַווער קאָאָפּערירונג פון די מיליאָנען פּויערשע ווירטשאַפטן לויט אַלע ליניעס פון קאָאָפּעראַציע, דער וועג פון פאַרייניקן די צעשטויבטע פּויערשע ווירטשאַפטן ארום דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, דער וועג פון איינפלאַנצן די פּרינציפּן פון קאָלעקטיוויזם צווישן דעם פּויערטום, פריער לויט דער ליניע פון א פּ ז ע צ ן די פּראָדוקטן פון דער לאַנדווירטשאַפט און ב א ז אָ ר ג ן די פּויערשע ווירטשאַפטן מיט שטאַטישע אויסאַרבעטונג, און דערנאָך לויט דער ליניע פון לאַנדווירטשאַפטלעכער פּ ר אָ ד ו ק צ י ע.

און וואָס ווייטער, אַלץ מער ווערט דערדאָזיקער וועג אומפאַרמיידלעך אין די אומשטענדן פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, ווייל די קאָאָפּערירונג לויט דער ליניע פון אפּזאַץ, די קאָאָפּערירונג לויט דער ליניע פון באַזאָרגונג, ענדלעך, לויט דער ליניע פון קרעדיט און פּראָדוקציע (לאַנדווירטשאַפטלעכע געזעלשאַפטן) איז דער איינציקער וועג אַף אויפהויבן דעם וואוילשטאַנד פונם דאָרף, דאָס איינציקע מיטל צו ראַטעווען די ברייטע מאַסן פון דאָרף פון דאַלעס און רואינירונג.

מע זאָגט, אַז דאָס פּויערטום איז בא אונז ניט סאָציאַליסטיש לויט זיין לאַגע, אַז צוליב דעם איז עס ניט פעאיק צו סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג. ס'איז, פאַרשטייט זיך, ריכטיק, אַז דאָס פּויערטום איז ניט סאָציאַליסטיש לויט זיין לאַגע. אָבער ס'איז ניט קיין ארגומענט קעגן דער אַנטוויקלונג פון די פּויערשע ווירטשאַפטן לויטן וועג פון סאָציאַליזם, אויב עס איז דערוויזן, אַז דאָס דאָרף גייט נאָך דער שטאַט, און אין שטאַט קאָמאַנדירט די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע. בעשאַס דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז דאָס פּויערטום אויך ניט געווען סאָציאַליסטיש לויט זיין לאַגע, און עס האָט גאָר ניט געוואָלט איינפירן אין לאַנד סאָציאַליזם. עס האָט געשטרעבט דעמאָלט הויפּטזאַכלעך צו ליקווידירן

די פּריצישע מאַכט און פאַרענדיקן די מילכאָמע, איינשטעלן שאָלעם.
און דאָך איז עס דעמאָלט געגאַנגען נאָכן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט.
פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל דאָס אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע און דאָס
נעמען די מאַכט דורכן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט איז דעמאָלט גע־
ווען דער איינציקער וועג אַף אַרויסצוגיין פון דער אימפּעריאַליסטישער
מילכאָמע, דער איינציקער וועג אַף איינשטעלן שאָלעם. דערפאַר, ווייל
קיין אַנדערע וועגן איז דעמאָלט ניט געווען און עס האָט ניט געקאָנט
זיין. דערפאַר, ווייל אונזער פאַרטיי האָט זיך דעמאָלט איינגעגעבן אָנ־
צוטאַפּן, צו געפינען דעם גראַד פון פאַרייניקן און אונטערוואַרפן די
ספּעציפישע אינטערעסן פונם פּויערטום (אַראָפּוואַרפן דעם פּאָריץ, שאָ־
לעם) אונטער די אַלגעמיינע אינטערעסן פונם לאַנד (דיקטאַטור פונם
פּראָלעטאַריאַט), וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַנעמבאַר און לויינ־
באַר פאַרן פּויערטום. און ניט געקוקט אַף זיין ניטסאָציאַליסטישקייט
איז דאָס פּויערטום דעמאָלט אַוועק נאָכן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט.

דאָסזעלביקע מוז מען זאָגן וועגן דער סאָציאַליסטישער בויאונג
אין אונזער לאַנד, וועגן אַריינציען דאָס פּויערטום אינם שטראָם פון
דערדאָזיקער בויאונג. דאָס פּויערטום איז ניט סאָציאַליסטיש לויט זיין
לאַגע. אָבער עס מוז זיך שטעלן און עס וועט זיך אומבאַדינגט שטעלן
אַפן וועג פון סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג, ווייל עס איז ניטאָ און עס
קאָנען ניט זיין קיין אַנדערע וועגן אַף צו ראַטעווען דאָס פּויערטום פון
אָרימקייט און רואינירונג אַכוץ דעם צוזאַמענשלוס מיטן פּראָלעטאַ־
ריאַט, אַכוץ דעם צוזאַמענשלוס מיט דער סאָציאַליסטישער אינדוסט־
ריע, אַכוץ דעם איינשליסן די פּויערשע ווירטשאַפט אינם אַלגעמיינעם
שטראָם פון סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג דורך דער מאַסאָווער קאָאָפּע־
רירונג פונם פּויערטום.

פאַרוואָס גראַד דורך דער מאַסאָווער קאָאָפּערירונג פונם פּויער־
טום?

דערפאַר, ווייל אין דער מאַסאָווער קאָאָפּערירונג „האָבן מיר גע־
פונען דעם גראַד פון פאַרייניקן דעם פּריוואַטן אינטערעס, דעם פּרי־
וואַט-האַנדלשן אינטערעס, פון רעווידירן און קאָנטראָלירן אים דורך
דער מעלוכע, דעם גראַד פון אונטערוואַרפן אים אונטער די אַלגעמיינע
אינטערעסן" (לענין), וועלכער איז אָנעמבאַר און לוינבאַר פאַרן פּויער־
טום און וועלכער זיכערט פאַרן פּראָלעטאַריאַט די מעגלעכקייט אַריינצו־
ציען די גרונט-מאַסע פונם פּויערטום אין דער זאַך פון סאָציאַליסטישער

בויאונג. טאַקע דערפאַר, וואָס דעם פויערטום לוינט צו אָרגאַניזירן דעם אָפּזאַץ פון זײַנע סבוירעס און די פאַרזאָרגונג פון זײַן ווירטשאַפט מיט מאַשינעס דורך דער קאָאָפּעראַציע, טאַקע דערפאַר דאַרף עס גײן און עס וועט גײן מיטן וועג פון מאַסאַווער קאָאָפּערירונג.

און וואָס באַטײַט די מאַסאָווע קאָאָפּערירונג פון די פויערשע ווירט־שאַפטן בײַ דער אויבערהאַנט פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע?

דאָס באַטײַט פאַר דער קלײנסכוירישער פויערשער ווירטשאַפט **אַן אָפּגאַנג** פונם אַלטן קאַפּיטאַליסטישן וועג, וועלכער טראָגט אין זיך די מאַסאָווע רואינירונג פונם פויערטום, און **אַן איבערגאַנג** אַף אַ נײַעם אַנטוויקלונגס־וועג, אַפן וועג פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

אָט פאַרוואָס דער קאַמף פאַרן נײַעם אַנטוויקלונגס־וועג פון דער פויערשער ווירטשאַפט, דער קאַמף פאַרן אַרײַנציִען די גרונט־מאַסע פונם פויערטום אין דער זאַך פון בויען דעם סאָציאַליזם איז די אָרדנט־לעכע אויפגאַבע פון אונזער פאַרטײ.

דער פערצנטער צוזאַמענפאָר פון אַל. ק. פּ. האָט דעריבער ריכטיק געטאָן, ווען ער האָט באַשלאָסן, אַז „דער גרונט־וועג אַף בויען דעם סאָ־ציאַליזם אין דאָרף באַשטײט אין דעם, אַז בײַ דער וואַקסנדיקער עקאָ־נאָמישער אָנפירונג מיצאַד דער סאָציאַליסטישער מעלוכע־אינדוסטריע, מיצאַד די מעלוכישע קרעדיט־אַנשטאַלטן און אַנדערע קאָמאַנדיר־הויכן, וואָס געפינען זיך אין די הענט פונם פּראָלעטאַריאַט, זאָל מען אַרײַנציִען אין דער קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזאַציע די גרונט־מאַסע פונם פויער־טום און זיכערן פאַר דעראָזיקער אָרגאַניזאַציע די סאָציאַליסטישע אַנטוויקלונג, אויסנוצנדיק, בײַקומענדיק און אַרויסשטויסנדיק די קאַפּי־טאַליסטישע עלעמענטן אירע" (זע די רעזאָלוציע פון צוזאַמענפאָר איבערן באַריכט פון צ. ק.).

דער טיפסטער פעלער פון דער נײַער אָפּאָזיציע באַשטײט אין דעם, וואָס זי גלויבט ניט אין דעמדאָזיקן נײַעם אַנטוויקלונגס־וועג פונם פוי־ערטום, וואָס זי זעט ניט אָדער פאַרשטײט ניט די גאַנצע אומפאַרמײד־לעכקײט פון דעמדאָזיקן וועג אין די באַדינגונגען פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. און פאַרשטײן פאַרשטײט זי עס ניט דערפאַר, ווײַל זי גלויבט ניט אינעם ניצחון פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין אונזער לאַנד, זי גלויבט ניט אין דער פעאיקײט פון אונזער פּראָלעטאַריאַט צו פירן נאָך זיך דאָס פויערטום אַפן וועג צום סאָציאַליזם.

דערפון נעמט זיך דאָס ניט פאַרשטיין דעם צווייענדיקן כאַראַקטער פון נעפּ, דאָס איבערטרייבן די נעגאַטיווע זייטן פון נעפּ און דאָס טראַקטירן דעם נעפּ, ווי אַ צוריקטריט דעריקער.

דערפון נעמט זיך דאָס איבערטרייבן די ראָלע פון די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונזער ווירטשאַפט און דאָס פאַרמינדערן די ראָלע פון די הויבערס פון אונזער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג (די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע, די קרעדיט־סיסטעם, די קאָאָפּעראַציע, די מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט א. א. וו.).

דערפון נעמט זיך דאָס ניטפאַרשטיין דעם סאָציאַליסטישן וועזן פון אונזער מעלוכישער אינדוסטריע און דאָס צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון לענינס קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן.

דערפון נעמט זיך דאָס פאַנאַנדערבלאָזן די דיפערענציאַציע אין דאָרף, די פּאַניק פאַרן באַלעגוף, דאָס פאַרמינדערן די ראָלע פונם מיטלפּויער, די פּרואוון אַרונטערצורייסן די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אַף צו זיבערן דעם פעסטן בונד מיטן מיטלפּויער און בכלל דאָס וואַרפן זיך פון איין זייט אַף דער אַנדערער אין דער פראַגע וועגן דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אין דאָרף.

דערפון נעמט זיך דאָס ניטפאַרשטיין די גוואַלטיקע אַרבעט פון דער פּאַרטיי אַף אַריינציען די מיליאָנען מאַסן אַרבעטער און פּויערים אין דער בויאונג פון דער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט, אין דער באַלעבונג פון דער קאָאָפּעראַציע און פון די ראַטן, אין פאַרוואַלטן מיטן לאַנד, אינם קאַמף מיט ביוראָקראַטיזם, אינם קאַמף פאַר פאַרבעסערן און איבערמאַכן אונזער מעלוכישן אַפּאַראַט, וואָס דאָס באַצייכנט אַ נייעם אַנטוויקלונגס־פּעריאָד און וואָס אָן דעם קאָן מען זיך ניט פאַרשטעלן קיין שום סאָציאַליסטישע בויאונג.

דערפון נעמט זיך די האָפענונגסלאָזיקייט און פאַרלאָרנקייט לעגאַבע די שוועריקייטן פון אונזער בויאונג, דאָס צווייפלען אין דער מעגלעכקייט צו אינדוסטריאַליזירן אונזער לאַנד, די פּעסימיסטישע פּלאַפּלעריי וועגן דער איבערגעבורט פון דער פּאַרטיי א. א. וו.

באַ זיי, באַ די בורזשויען, האַלט מיט אַלץ מער אָדער ווייניקער גוט; באַ אונז אָבער, באַ די פּראָלעטאַריער—האַלט מער אָדער ווייניקער שלעכט: אויב עס וועט ניט אָנקומען פון מאַירעוו די רעוואָלוציע—איז פאַרפאַלן אונזער זאַך, — אַזאַ איז דער אַלגעמיינער טאָן פון דער נייער אָפּאָזיציע, וואָס דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַ טאָן אַ ליקווידאַטאָרי־

שער, וועלכער ווערט צוליב עפעס (צוליב שפאס, מוז זיין) פארגעשטעלט דורך דער אָפּאָזיציע, ווי „אינטערנאציאָנאליזם".

נעפּ איז קאַפּיטאַליזם, זאָגט די אָפּאָזיציע. נעפּ איז הויפּטזאַכלעך צוריקטריט, זאָגט כ' זינאָוויעוו. דאָס אַלץ איז, פארשטייט זיך, ניט ריכטיק. אין דערעמעסן איז נעפּ די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, וועלכע דערלאָזט אַ קאַמף פון די סאָציאַליסטישע און קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן און וואָס איז אויסגערעכנט אפן ניצאָכן פון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן איבער די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן. אין דער עמעסן האָט זיך דער נעפּ בלויז אָנגעהויבן דורך אַ צוריקטריט, אָבער אויסגערעכנט איז ער דערויף, אַז אינם גאַנג פונם צוריקטריט זאָל מען דורכפירן אַ איבערגרופּירונג פון קויכעס און אָנהויבן אַן אָנגריף. אין דער עמעסן גרייפן מיר אָן שוין עטלעכע יאָר און גרייפן אָן מיט ערפאָלג, אַנטוויקלענדיק אונזער אינדוסטריע, אַנטוויקלענדיק דעם סאָוועטישן האנדל, דריקנדיק דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל.

וואָס איז אָבער דער זין פונם טעזיס — נעפּ איז קאַפּיטאַליזם, נעפּ איז הויפּטזאַכלעך צוריקטריט? פון וואָס גייט אַרויס דערדאָזיקער טעזיס?

ער גייט אַרויס פון דער ניטריכטיקער האשארע וועגן דעם, אַז בא אונז קומט איצט פאָר אַ פּאָשעטע צוריקאויפשטעלונג פונם קאַפּיטאַליזם, אַ פּאָשעטער „צוריקקער" פונם קאַפּיטאַליזם. נאָר מיט דערדאָזיקער האשארע קאָן מען דערקלערן די ספייקעס פון דער אָפּאָזיציע מיקויעך דעם סאָציאַליסטישן וועזן פון אונזער אינדוסטריע. נאָר מיט דערדאָזיקער האשארע קאָן מען דערקלערן די פּאַניק פון דער אָפּאָזיציע פארן באַלעגוף. נאָר מיט דערדאָזיקער האשארע קאָן מען דערקלערן די אייַלעוודיקייט, מיט וועלכער די אָפּאָזיציע האָט זיך אָנגעכאַפּט פאר די ניטריכטיקע ציפערן וועגן דער דיפערענצירונג פונם פויערטום. נאָר מיט דערדאָזיקער האשארע קאָן מען דערקלערן די באַזונדערע פארגעסעניש פון דער אָפּאָזיציע מיקויעך דעם, אַז דער מיטלפויער איז בא אונז די צענטראַלע פיגור פון דער לאַנדווירטשאַפט. נאָר מיט דערדאָזיקער האשארע קאָן מען דערקלערן דאָס ניט-דערשאַצן דעם ספּעציפישן געוויכט פונם מיטלפויער און די ספייקעס מיקויעך לעניִנס קאָאָפּעראַטיוון פּלאַן. נאָר מיט דערדאָזיקער האשארע קאָן מען „באַגרינדן" דעם ניט-גלויבן פון דער נייער אָפּאָזיציע אינם נייעם אַנטוויקלונגס-וועג פונם

דאָרף, אינם וועג פון אריינציען דאָס דאָרף אין דער סאָציאַליסטישער בויאונג.

אין דער עמעסן קומט איצט באַ אונז פאָר ניט קיין איינזייטיקער פראָצעס פון צוריק אויפשטעלן דעם קאַפיטאַליזם, נאָר אַ צווייזייטיקער פראָצעס פון אַנטוויקלונג פונם קאַפיטאַליזם און אַנטוויקלונג פון סאָציאַ־ליזם, אַ ווידערשפרעכיקער פראָצעס פון קאַמף צווישן די סאָציאַליסטישע עלעמענטן מיט די קאַפיטאַליסטישע עלעמענטן, אַ פראָצעס פון בייקומען די קאַפיטאַליסטישע עלעמענטן דורך די סאָציאַליסטישע עלעמענטן. דאָס איז פונקט אַזוי אומבאַשטרייטבאַר פאַר דער שטאָט, וואו די באַזע פון סאָציאַליזם איז די מעלוכישע אינדוסטריע, ווי פאַרן דאָרף, וואו דער איקערדיקער האַקן פאַר דער סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג אין די מאַ־סאָווע קאָאָפעראַציע, וועלכע ווערט צוזאַמענגעשלאָסן מיט דער סאָציאַ־ליסטישער אינדוסטריע.

די פאַשעטע צוריקאויפשטעלונג פונם קאַפיטאַליזם איז אומעגלעך שוין דערפאַר, וואָס די מאַכט איז באַ אונז אַ פראָלעטאַרישע, די גרויסע אינדוסטריע געפינט זיך אין די הענט פונם פראָלעטאַריאַט, דער טראַנס־פאָרט און דער קרעדיט געפינען זיך אין רעשוס פון דער פראָלעטאַרי־שער מעלוכע.

די דיפערענצירונג קאָן ניט אָננעמען דעם פריערדיקן פאַרנעם, דער מיטל־פויער פאַרבלייבט די גרונט־מאַסע פונם פויערטום, און דער באַלעגוף קאָן ניט באַקומען די פריערדיקע קראַפט שוין דערפאַר, ווייל די ערד איז באַ אונז נאַציאָנאַליזירט, זי איז אַרויסגענומען פון צירקולאַציע, און אונזער האַנדל, די קרעדיטישע, שטייערשע און קאָאָפעראַטיווע פאָלי־טיק איז געווענדעט אַף צו באַגרעניצן די עקספלואַטאַטאָרישע שטרע־בונגען פונם באַלעגופנטום, אויפהויבן דעם וואוילשטאַנד פון די ברייטסטע מאַסן פונם פויערטום און אויסגלייכן די עקסטרעמקייטן אין דאָרף. איך רייד שוין ניט וועגן דעם, וואָס דער קאַמף מיטן באַלעגופנטום גייט באַ אונז איצט ניט נאָר לויט דער אַלטער ליניע, לויט דער ליניע פון אָרגאַניזירן די אָרימקייט קעגן דעם באַלעגופנטום, נאָר אויך לויט אַ נייער ליניע, לויט דער ליניע פון פאַרפעסטיקן דעם בונד פונם פראָלע־טאַריאַט און פון דער אָרימקייט מיט די מיטלפויערשע מאַסן קעגן דעם באַלעגוף. דער פאַקט, וואָס די אָפאָזיציע פאַרשטייט ניט דעם זין און די באַדייטונג פונם קאַמף מיטן באַלעגופנטום לויט דעראָזיקער צווייטער ליניע, דעראָזיקער פאַקט באַשטעטיקט אַן איבעריק מאָל, אַז די אָפאָזיציע

שלאגט זיך אראפ אפן אלטן וועג פון דער אנטוויקלונג פון דארף, אפן וועג פון זיין קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג, ווען דער פויער און די ארימקייט האבן געבילדעט די גרונט־קויכעס פונם דארף, און דער מיטל־פויער פלעגט אפגעשוועגקט ווערן.

די קאאפעראציע איז א באזונדערע פארם פון מעלוכישן קאפיטאליזם, זאגט די אפאזיציע, פארופנדיק זיך דערביי אף לענינס „דערנער־שטייער", און דערפאר גלויבט זי ניט אין דער מעגלעכקייט אויסצונוצן די קאאפעראציע ווי א גרונט־האקן פאר דער סאציאליסטישער אנטוויקלונג. די אפאזיציע דערלאזט דא אויך דעם גרעסטן פעלער. אזא טראקטירן די קאאפעראציע איז געווען גענוג און באפרידיקנד אין 1921 יאר, ווען עס איז אנגעשריבן געווארן דער „דערנער־שטייער", ווען בא אונז איז ניט געווען קיין אנטוויקלטע סאציאליסטישע אינדוסטריע, ווען לענין האט זיך פארגעשטעלט דעם מעלוכע־קאפיטאליזם אלס מעגלעכע גרונט־פארם פון אונזער ווירטשאפטפירונג, און די קאאפעראציע האט ער באטראכט אין א צוזאמענהעפטונג מיטן מעלוכע־קאפיטאליזם. אבער דידאזיקע טראקטירונג איז איצט ניט גענוג און איז שוין איבערגעשטיגן געווארן דורך דער געשיכטע, ווייל פון דעמאלט אן האבן זיך די צייטן געביטן, דער מעלוכע־קאפיטאליזם האט זיך ניט צוגענומען אין אזא מאדרייגע, אין וועלכער דאס איז געווען געוואונשן, און די קאאפעראציע, וועלכע כאפט איצט ארום העכער א צענדליק מיליאן מענטשן, האט זיך אנגעהויבן צוזאמענשליסן מיט דער סאציאליסטישער אינדוסטריע.

מיט וואס זשע אנדערש זאל מען דערקלערן דעם פאקט, וואס שוין אין צוויי יאר ארום נאכן „דערנער־שטייער", אין 1923 יאר, האט לענין אנגעהויבן באטראכטן די קאאפעראציע אף אן אנדער אויפן, האלטנדיק, אז „אין אונזערע באדינגונגען פאלט די קאאפעראציע פולקום צונויף דורכויס און אומעטום מיטן סאציאליזם" (זע ב. XVIII ט. 2, ז. 144)?

מיט וואס זשע אנדערש זאל מען עס דערקלערן, אויב ניט מיט דעם, וואס פאר די צוויי יאר האט שוין די סאציאליסטישע אינדוסטריע באוויזן אויסצוואוואקסן, און דער מעלוכע־קאפיטאליזם האט זיך ניט באוויזן צוצונעמען אין דער געהעריקער מאס, וואס צוליב דעם האט לענין אנגעהויבן באטראכטן די קאאפעראציע שוין ניט אין א צוזאמענהעפטונג מיטן מעלוכע־קאפיטאליזם, נאר אין א צוזאמענהעפטונג מיט דער סאציאליסטישער אינדוסטריע?

עס האָבן זיך געענדערט די אַנטוויקלונגס־באַדינגונגען פון דער קאָאָפּעראַציע, האָט זיך געמוזט ענדערן אויך דער צוגאַנג צו דער פּראַ־גע וועגן קאָאָפּעראַציע.

אָט איז, לעמאָשל, איין מערקווירדיק אָרט פון לענינס בראָשור „וועגן קאָאָפּעראַציע" (1923), וואָס גיט אַ באַלויכטונג דערדאָזיקער פראַגע:

„באַם מעלוכישן קאַפּיטאַליזם*) אונטער־שיידן זיך די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען פון די מעלוכיש־קאַפּיטאַליסטישע, ווי אונטערנעמונגען ־פּריוואַטע, ערשטנס, און ווי־קאָלעקטיווע, צווייטנס. באַ אונזער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג*) אונטערשיידן זיך די קאָאָפּעראַטיווע אונטער־נעמונגען פון די פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, ווי־ אונטערנעמונגען קאָלעקטיווע, אָבער זיי אונטערשיידן זיך ניט*) פון סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען, אויב זיי זיי־נען געגרינדעט אַף ערד, באַ פּראָדוציר־מיטלען, וואָס געהערן דער מעלוכע, ד. ה. דעם אַרבעטער־קלאַס" (ב. XVIII ט. 2, ז. 143 און 144).

אין דערדאָזיקער קליינער ציטאַטע זיינען געלייזט צוויי גרויסע פראַגן. ערשטנס, די פראַגע וועגן דעם, אַז „אונזער עקזיסטירנדע אָרדע־נונג" איז ניט קיין מעלוכע־קאַפּיטאַליזם. צווייטנס, די פראַגע וועגן דעם, אַז די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, גענומען אין צוזאַמענ־העפטונג „מיט אונזער אָרדענונג", „אונטערשיידן זיך ניט" פון די סאָ־ציאַליסטישע אונטערנעמונגען.

איך האַלט, אַז עס איז שווער זיך אויסצודריקן קלאָרער.

און אָט איז נאָך אַ שטעל פון דערזעלביקער בראָשור לענינס:

„דער פּאַשעטער וואוקס פון דער קאָאָפּעראַציע איז פאַר אונז דאָסזעלביקע (מיט דעם אויבן אָנגעוויזענעם „ניט גרויסן" אויס־נאַם), ווי דער וואוקס פונם סאָציאַליזם, און צוזאַמען דערמיט זיינען מיר געצוואונגען צו אָנערקענען די ראַדיקאַלע ענדערונג פונם גאַנצן שטאַנדפּונקט אונזערן אַפן סאָציאַליזם" (זע דאָרטן).

קלאָר, אַז אין דער בראָשור וועגן קאָאָפּעראַציע האָבן מיר צו טאָן מיט אַ נייער אָפּשאַצונג פון דער קאָאָפּעראַציע, וואָס דאָס וויל ניט

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

אנערקענען די נייע אָפּאָזיציע און וואָס דאָס באַמיט זי זיך צו פאַר־שווייגן, טראַץ די פאַקטן, טראַץ דעם בעפיירעשן עמעס, טראַץ דעם לענינייזם.

איין זאַך איז קאָאָפּעראַציע, גענומען אין צוזאַמענהעפטונג מיט מעלוכע־קאַפּיטאַליזם, און אַ צווייטע זאַך איז די קאָאָפּעראַציע, גענומען אין צוזאַמענהעפטונג מיט דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.

דערפון טאָר מען פונדעסטוועגן ניט מאַכן דעם אויספיר, אַז צווישן „דערנער־שטייער" און דער בראָשור „וועגן קאָאָפּעראַציע" ליגט אַן אָפּגרונט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק. עס איז גענוג זיך צו פאַרופן, לעמאָשל, אַף פאָלגנדיקער שטעל אין „דערנער־שטייער", קעדיי גלייך טויפעס זיין די פעסטע פאַרבינדונג צווישן „דערנער־שטייער" און דער בראָשור „וועגן קאָאָפּעראַציע" אין דער פראַגע וועגן אָפּשאַצן די קאָאָפּעראַציע.

אָט איז זי:

„דער איבערגאַנג פון קאָנצעסיעס צו סאָציאַליזם איז אַן איבערגאַנג פון איין פאָרם פון גרויס־פּראָדוקציע צו אַ צווייטער פאָרם פון גרויס־פּראָדוקציע. דער איבערגאַנג פון דער קאָאָפּעראַציע פון קליינע באַלעבאַטימלעך צום סאָציאַליזם איז אַן איבערגאַנג פון קליין־פּראָדוקציע צו דער גרויסער, ד. ה. אַן איבערגאַנג אַ מער קאָמפּליצירטער, אָבער דערפאַר אַזאַ, וואָס איז פעאיק אַרומצוכאַפּן אין פאַל פון ערפאָלג מער ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז פעאיק אַרויסצורייסן מער טיפע און מער לעבנספעאיקע וואָרצלען פון די אַלטע, פ א ר ־ ס אָ צ י א ל י ס ט י ש ע*), אַפילע פאַר־קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטענישן, די אַמערסטן אַקשאָנעסדיקע אין זין פון ווידערשטאַנד צו יעטווידער „נייס" (ב. XVIII ט. I ז 220).

פון דערדאָזיקער ציטאַטע איז צו זען, אַז נאָך אין דער צייט פון „דערנער־שטייער", ווען בא אונז איז נאָך ניט געווען קיין אַנטוויקלטע סאָציאַליסטישע אינדוסטריע, האָט לענין געהאַלטן פאַר מעגלעך, אַז א י ן פ א ל פ ו ן ע ר פ אָ ל ג זאָל זיך די קאָאָפּעראַציע פאַרוואַנדלען אין אַ מעכטיק מיטל פון קאַמף קעגן די „פאַר־סאָציאַליסטישע", און דאָס הייסט, אויך קעגן די ק א פּ י ט א ל י ס ט י ש ע פ א ר ה ע ל ט ע ־

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

ניש ן. איך האלט, אז גראד דערדאָזיקער געדאַנק האָט דערנאָך געדינט אַלס אויסגאַנגס־פּונקט פאר זיין בראָשור „וועגן קאָאָפּעראַציע“.

אָבער וואָס איז דערפון געדרונגען?

דערפון איז געדרונגען, אַז די נייע אָפּאָזיציע גייט צו צו דער פראַגע וועגן קאָאָפּעראַציע ניט מארקסיסטיש, נאָר מעטאַפיזיש. זי באַטראַכט די קאָאָפּעראַציע ניט ווי אַ היסטאָרישע דערשיינונג, גענומען אין צוזאַמענהעפּטונג מיט אַנדערע דערשיינונגען, לאָמיר זאָגן, מיטן מעלוכע־קאַפּיטאַליזם (אין 1921 יאָר) אָדער מיט דער מעלוכישער אינדוסטריע (אין 1923 יאָר), נאָר ווי אַ זאַך אַ שטענדיקע, איינמאָל פאר אַלע מאָל געגעבענע, ווי „אַ זאַך אין זיך“.

דערפון נעמען זיך די פעלערן פון דער אָפּאָזיציע איבער דער פראַגע וועגן קאָאָפּעראַציע, דערפון נעמט זיך איר ניטגלויבן אין דער אַנטוויקלונג פון דאָרף צום סאָציאַליזם דורך דער קאָאָפּעראַציע, דערפון נעמט זיך דאָס פארקערעווען פון דער אָפּאָזיציע אַפן אַלטן וועג, אַפן וועג פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג פונם דאָרף.

אָט דאָס איז אין אַלגעמיין די שטעלונג פון דער נייער אָפּאָזיציע אין די פּראַקטישע פראַגן פון סאָציאַליסטישער בויאונג.

דער אויספיר איז איינער: די ליניע פון דער אָפּאָזיציע, אַף וויפל באַ איר איז פאַראַן אַ ליניע, די וואַקלונגען און די ניטשטאַנדהאַפטיקייט פון דער אָפּאָזיציע, איר ניטגלויבן און די פארלאָרנקייט לעגאַבע שוועריקייטן—פירן צו קאַפּיטולאַציע פאר די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונזער ווירטשאַפט. ווייל אויב דער נעפּ איז הויפּטזאַכלעך אַ צוריקטריט, אויב דער סאָציאַליסטישער וועזן פון דער מעלוכישער אינדוסטריע ווערט געשטעלט אונטער צווייפל, אויב דער באַלעגוף איז קימאַט אַלמעכטיק, אַף דער קאָאָפּעראַציע איז פאַראַן ווייניק האָפענונגען, די ראָלע פונם מיטלפּויער פאַלט פּראָגרעסיוו, דער נייער אַנטוויקלונגס־וועג פונם דאָרף איז צווייפלהאַפט, די פּאַרטיי איז קימאַט זי ווערט איבערגעבאַרן, און די רעוואָלוציע פון מאַירעוו איז נאָך ניט אַזוי נאָענט, — איז וואָס בלייבט נאָך דעם אַלעם אין ארסענאַל באַ דער אָפּאָזיציע, אַף וואָס רעכנט זי אויס אינם קאַמף מיט די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונזער ווירטשאַפט? מע קאָן דאָך ניט גיין אין שלאַכט בלויז מיט דער „פילאָזאָפיע פון דער עפּאָכע“ *).

קלאָר, אַז דער ארסענאַל פון דער נייער אָפּאָזיציע איז ניט קיין

*) א פארורטיילטער ארטיקל פון כ׳ זינאָוויעוו.—איבערז.

פויגלדיקער, אויב מע קאָן אים ביכלאַל אָנרופן אַרסענאַל. דערדאָזיקער אַרסענאַל איז ניט אַף קאַמף. אַוואַדע און אַוואַדע ניט פאַר ניצאָכן.

קלאָר, אַז מיט אַזאַ אַרסענאַל וואָלט זיך די פאַרטיי „איינס און צוויי" אומגעבראַכט, — ווען זי וואָלט געקראָכן אין געשלעג, וואָלט איר אויסגעקומען פּאָשעט קאַפּיטולירן פאַר די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון אונזערווירטשאַפט.

דעריבער האָט דער פערצנטער צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי געהאַנדלט אינגאַנצן ריכטיק, ווען ער האָט באַשלאָסן, אַז „דער קאַמף פאַרן ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג אין פּ. ס. ס. ר. איז די אָרדנטלעכע אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי"; אַז איינע פון די נויטיקע באַדינגונגען אַף צו לייזן דידאָזיקע אויפגאַבע איז „דער קאַמף מיטן ניט־גלויבן אין דער זאַך פון בויען דעם סאָציאַליזם אין אונזער לאַנד און מיט די פּרואוון צו באַטראַכטן אונזערע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען אונטערנעמונגען פון „קאָנזעקווענט־סאָציאַליסטישן טיפּ" (לענין), אַלס אונטערנעמונגען מעלוכע־קאַפּיטאַליסטישע"; אַז „אַזוינע אידייאישע שטימונגען מאַכן אומעגלעך די באַוואוסטזיניקע באַציאונג פון די מאַסן צו דער בויאונג פונם סאָציאַליזם ביכלאַל און פון דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע ביפּראַט, און זיינען פעאיק בלויז צו פאַרהאַמעווען דעם וואוקס פון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער ווירטשאַפט און פאַרלייכטערן דעם קאַמף מיט זיי מיצאַד דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל"; אַז „דער צוזאַמענפאָר האַלט דעריבער פאַר נויטווענדיק אַ ברייטע דערציאונגס־אַרבעט אַף בייצוקומען דידאָזיקע פאַרקריפּלונגען פונם לעניניזם" (זע די רעזאָלוציע איבערן באַריכט פון צ. ק. פון אַל. ק. פּ.).

די היסטאָרישע באַדייטונג פונם פערצנטן צוזאַמענפאָר פון אַל. ק. פּ. באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען אויפצודעקן ביזן שוירעש די פעלערן פון דער נייער אָפּאָזיציע, ער האָט אָפּגעוואָרפן קאַטעגאָריש איר ניטגלויבן און קינעס, האָט קלאָר און בוילעט אָנגעצייכנט דעם וועג פון ווייטערדיקן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, האָט געגעבן דער פאַרטיי די פּערספּעקטיוו פון ניצאָכן און האָט דורך דעם באַוואָפנט דעם פּראָלעטאַריאַט מיטן אייזן־פעסטן גלויבן אינם ניצאָכן פון דער סאָציאַליסטישער בויאונג.

25 יאַנוואַר 1926 יאָר.

# די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און די טאַקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן.

## 1. די אויסערלעכע און אינערלעכע אומגעבונג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

דריי אומשטענדן פון אויסערלעכער קאַטעגאָריע האָבן באַשטימט די בעערעכדיקע לייכטקייט, מיט וועלכער דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט זיך איינגעגעבן צו צעקלאַפּן די קייטן פונם אימפּעריאַליזם און אַראָפּוואַרפן אַזוי אַרום די מאַכט פון דער בורזשואַזיע.

ערשטנס, דער אומשטאַנד, וואָס די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ פּעריאָד פון פאַרביטערטן קאַמף צווישן די צוויי גרונטלעכע אימפּעריאַליסטישע גרופּן, דער ענגליש־פראַנצויזישער און עסטרייכיש־דייטשישער, ווען, זייענדיק פאַרנומען מיט זייער קאַמף צווישן זיך אַף טויט, האָבן דידאָזיקע גרופּן ניט געהאַט ניט קיין צייט, ניט קיין מיטלען אָפּצוגעבן ערנסטע אויפמערקזאַמקייט דעם קאַמף מיט דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. דערדאָזיקער אומשטאַנד האָט געהאַט אַ גוואַלטיקע באַדייטונג פאַר דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, ווייל ער האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט אויסצונוצן די שאַרפע צוזאַמענשטויסן אינעווייניק אינם אימפּעריאַליזם אַף צו פאַרפעסטיקן און אָרגאַניזירן אירע קויכעס.

צווייטנס, דער אומשטאַנד, וואָס די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן אינם גאַנג פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, ווען די פון מילכאָמע אויסגעמאַטערטע און נאָך שאָלעם לעכצנדיקע אַרבעטנדיקע מאַסן זיינען דורך דער לאָגיק פון די אַנגעלעגנהייטן גופע צוגעפירט געוואָרן צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, ווי צום איינציקן אויסוועג פון דער מילכאָמע. דערדאָזיקער אומשטאַנד האָט געהאַט די סאַמע

ערנסטע באדייטונג פאר דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, ווייל ער האָט איר געגעבן אין די הענט דאָס מעכטיקע געווער פון שאָלעם, ער האָט איר פאַרלייכטערט די מעגלעכקייט צו פאַרייניקן די סאָוועטישע איבערקע־רעניש מיטן פאַרענדיקן די פאַרהאסטע מילכאָמע און האָט פאַר איר געשאַפן צוליב דעם דעם מאַסן־מיטגעפיל סאַי אַפן מאַירעוו, צווישן די אַר־בעטער, סאַי אַפן מיזרעך, צווישן די אונטערדריקטע פעלקער.

דריטנס, די אָנוועזנהייט פון אַ מעכטיקער אַרבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע און דער פאַקט, וואָס אין מאַירעוו און אין מיזרעך האָט געהאַלטן אין צייטיק ווערן אַ רעוואָלוציאָנערער קריזיס, וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן דורך דער לאַנגדויערנדיקער אימפּעריאַליסטישער מיל־כאָמע. דערדאָזיקער אומשטאַנד האָט פאַר דער רעוואָלוציע אין רוס־לאַנד געהאַט אַ באַדייטונג ניט אָפּצושאַצן, ווייל ער האָט איר געזי־כערט טרייע פאַרבינדעטע, אויסער רוסלאַנד, אין איר קאַמף מיטן אַל־וועלטלעכן אימפּעריאַליזם.

אָבער אַכוץ די אומשטענדן פון אויסערלעכער אַרט האָט די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע געהאַט נאָך אַ גאַנצע ריי אינערלעכע גינסטיקע באַדינגונגען, וועלכע האָבן איר געזיכערט דעם ניצאָכן.

אַלס הויפּטלעכע פון דידאָזיקע באַדינגונגען דאַרף מען רעכענען אָט וועלכע:

ערשטנס, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע געהאַט פאַר זיך די אַק־טיוסטע אונטערשטיצונג פון דער גוואַלטיקער מערהייט פונם אַרבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד.

צווייטנס, האָט זי געהאַט די אַנצווייפלדיקע אונטערשטיצונג פון דער פּויערשער אָרימקייט און פון דער מערהייט סאַלדאַטן, וואָס האָבן געלעכצט נאָך שאָלעם און ערד.

דריטנס, האָט זי געהאַט בעראָש אַלס אָנפירנדיקע קראַפט אַזאַ אויסגעפּרואוווטע פּאַרטיי, ווי די פּאַרטיי פון באָלשעוויקעס, וועלכע איז שטאַרק ניט נאָר דורך איר דערפאַרונג און דורך דער אין מעשעך פון יאָרן אויסגעאַרבעטער דיסציפּלין, נאָר אויך דורך די גוואַלטיקע פאַר־בינדונגען מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן.

פערטנס, האָט די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע געהאַט קעגן זיך אַזוינע צום גרינגער זיין פאַרהעלטניסמעסיק לייכטע סאָנים, ווי די מער אָדער ווייניקער שוואַכע רוסישע בורזשואַזיע, דעם פּריצים־קלאַס, וואָס איז ענד־גילטיק דעמאָראַליזירט געוואָרן פון די פּויערשע „בונטן“, און די פּשאַ־

רעמאַבערישע פּאַרטייען (די פּאַרטייען פון מענשעוויקעס און עסערן), וועלכע האָבן ענדגילטיק באַנקראָטירט אינם לויף פון דער מילכאָמע.

פינפטנס, האָט זי געהאַט אין איר רעשוס די ריזיקע שטאָכן פון דער יונגער מעלוכע, וואָס זי האָט געקאָנט פריי מאַנעווירן, צוריקטרעטן, ווען דאָס האָבן געפאָדערט די אומשטענדן, איבערכאַפּן דעם אָטעם, צונויפקלייבן די קויכעס א. א. וו.

זעקסטנס, האָט די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע געקאָנט אויסרעכענען אין איר קאַמף מיט דער קאָנטער-רעוואָלוציע אַף דער אָנוועזנהייט פון אַ גענוגנדן סכום רעסורסן פון שפּייז, הייצוואַרג און רויוואַרג אינעווייניק אין לאַנד.

די צוזאַמענהעפטונג פון דידאָזיקע אויסערלעכע און אינערלעכע אומשטענדן האָט געשאַפן די אייגנאַרטיקע סיטואַציע, וועלכע האָט באַשטימט די פאַרהעלטניסמעסיקע לייכטקייט פונם ניצאָכן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע.

דאָס באַטייט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט ניט געהאַט אירע מינוסן אין זין פון אויסערלעכער און אינערלעכער סיטואַציע. וואָס איז ווערט, לעמאָשל, אַזאַ מינוס, ווי די באַוואוסטע איינזאַמקייט פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, דאָס, וואָס נעבן איר און אין שכיינעס מיט איר איז ניט געווען קיין סאָוועטיש לאַנד, אַף וועלכער זי זאָל זיך קאָנען אָנשפּאַרן? עס איז אָן צווייפל, אַז די קומענדיקע רעוואָלוציע, לעמאָשל, אין דייטשלאַנד וואָלט אין דער הינזיכט געווען אין אַ מער גינסטיקער לאַגע, ווייל זי האָט אין שכיינעס אַזאַ ערנסט לויט זיין קראַפט סאָוועטיש לאַנד, ווי אונזער ראַטנפאַרבאַנד. איך רייד שוין ניט וועגן אַזאַ מינוס פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, ווי דאָס פעלן פון אַ פּראָלעטאַרישער מערהייט אין לאַנד. אָבער דידאָזיקע מינוסן שטרייכן בלויז אונטער די גוואַלטיקע באַדייטונג פון דער אייגנאַרטיקייט פון די אינערלעכע און אויסערלעכע באַדינגונגען פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, וועגן וועלכע ס'איז אויבן גערעדט געוואָרן.

וועגן דערדאָזיקער אייגנאַרטיקייט טאָר מען ניט פאַרגעסן אַף קיין איין מינוט. וועגן איר דאַרף מען באַזונדערס געדענקען באַם אַנאַליזירן די דייטשישע געשעענישן אין האַרבסט פון 1923 יאָר. וועגן איר דאַרף פריער פאַר אַלץ געדענקען כ' טראָצקי, וועלכער פירט דורך אַרום און אַרום אַן אַנאַלאָגיע צווישן דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און דער רעוואָלו-

ציע אין דייטשלאַנד און וועלכער שמייסט אָן אָפּהאַלט די דייטשישע קאָמפּאַרטיי פאַר אירע ווירקלעכע און קלוימערשטע פעלערן.

„רוסלאַנד, — זאָגט לענין, — איז אין דער קאָנקרעטער היסטאָריש העכסט אָריגינעלער סיטואַציע פון 1917 יאָר לייכט געווען אָ נ צ ו ה ו י ב ן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, אין דער צייט ווען פ א ר ז ע צ ן זי און דערפירן זי ביזן סאָף וועט רוסלאַנד זיין שווערער, איידער די אייראָפּעאישע לענדער. מיר איז נאָך אין אָנהויב 1918 יאָר אויסגעקומען אָנצואווייזן אויף דעם דאָזיקן אומשטאַנד, און די צוויי־יאָריקע דערפאַרונג נאָך דעם האָט פולקום באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון אַזאַ געדאַנק. אַזוינע ספּעציפישע באַדינגונגען, ווי: 1) די מעגלעכקייט צו פאַרייניקן די סאָוועטישע איבערקערעניש מיטן פאַרענדיקן אַדאַנק איר די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, וואָס האָט אומגלויבלעך אויסגעמאַטערט די אַרבעטער און פויערים; 2) די מעגלעכקייט אויסצונוצן אויף אַ געוויסער צייט דעם קאַמף אויף טויט צווישן די צוויי אַלוועלטלעך־מעכטיקע גרופּן פון אימפּעריאַליסטישע רויבער, וועלכע גרופּן האָבן זיך ניט געקאָנט פאַרייניקן קעגן דעם סאָוועטישן סוינע; 3) די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן אַ פאַרהעלטנישמעסיק לאַנגן בירגער־קריג, טיילווייז אַדאַנק דעם ריזיקן פאַרנעם פונם לאַנד און די שלעכטע פאַרקער־מיטלען; 4) די אָנוועזנהייט פון אַזאַ טיפער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אינם פויערטום, אַז די פאַרטיי פונם פּראָלעטאַריאַט האָט גענומען די רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען בא דער פאַרטיי פון די פויערים (בא די ס. ר. — אַ פאַרטיי, וועלכע איז אין איר מערהייט שאַרף פיינטלעך צום באָלשעוויזם) און האָט זיי מיטאַמאָל פאַרווירקלעכט אַדאַנק דעם, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט געוואונען די פּאָליטישע מאַכט; — אַזוינע ספּעציפישע באַדינגונגען זיינען איצט אין מאַירעוו־אייראָפּע ניטאָ, און אַז אַזוינע אָדער ענלעכע באַדינגונגען זאָלן זיך איבערכאַזערן, איז ניט איבעריק לייכט. אָט פאַרוואָס, אַגעוו, — אַכוץ אַ ריי אַנדערע סיבעס — איז פאַר מאַירעוו־אייראָפּע אָ נ ה ו י ב ן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע שווערער, ווי פאַר אונז“ (זע „די קינדערשע קרענק“, באַנד XVII ז. 153). דידאָזיקע ווערטער לענינס טאָר מען ניט פאַרגעסן.

## 2. וועגן צוויי באַזונדערהייטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָ־לוציע, אָדער אָקטיאַבער און כ׳ טראַצקיס טעאָריע פון פּערמאַנענטער רעוואָלוציע.

עס עקזיסטירן צוויי באַזונדערהייטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלו־ציע, וואָס זיי קלאָר מאַכן מוז מען פריער פאַר אַלץ, קעדיי צו פאַרשטיין דעם אינערלעכן זין און די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער דאָזיקער רע־וואָלוציע.

וואָס זיינען עס פאַר אַ באַזונדערהייטן?

דאָס איז, ערשטנס, דער פאַקט, וואָס די דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט איז בײַ אונז געבאָרן געוואָרן ווי אַ מאַכט, וואָס איז אַנטשטאַ־נען אויפן גרונט פונם בונד צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און די אַרבעטנדיקע מאַסן פונם פּויערטום בײַ דער אָנפירונג פונם פּראָלעטאַריאַט מיט די דאָזיקע מאַסן. דאָס איז, צווייטנס, דער פאַקט, וואָס די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט האָט זיך בײַ אונז פאַר־פעסטיקט ווי אַ רעזולטאַט פונם ניצחון פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, אַ קאַפּיטאַליסטיש ווייניק אַנטוויקלטן, בעת דער קאַפּיטאַליזם איז פאַרבליבן אין אַנדערע לענדער, קאַפּיטאַליסטיש מער אַנטוויקלטע. דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט ניט קיין אַנדערע באַזונדערהייטן. פאַר אונז זיינען אָבער איצט וויכטיק גראָד די דאָזיקע צוויי באַזונדערהייטן ניט נאָר דערפאַר, ווייל זיי דריקן בע־פּיירעש אויס דעם מעהוס פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, נאָר אויך דערפאַר, ווייל זיי דעקן אויסגעצייכנט אויף דעם אָפּאָרטוניסטישן וועזן פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“.

לאָמיר אין קורצן באַטראַכטן די דאָזיקע באַזונדערהייטן.

די פראַגע וועגן די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דער קליין־בורזשואַזיע, פון דער שטאָטישער און דאָרפישער, די פראַגע וועגן געווינען די דאָזיקע מאַסן אויף דער זייט פונם פּראָלעטאַריאַט איז די וויכטיקסטע פראַגע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. וועמען וועט אונטערשטיצן אינם קאַמף פאַר דער מאַכט דער האַרעפּאַשנער אוילאַם פון שטאָט און דאָרף, — די בורזשואַזיע אָדער דער פּראָלעטאַריאַט, — וועמעס רעזערוו וועט ער ווערן, דער רעזערוו פון דער בורזשואַזיע אָדער דער רעזערוו פונם פּראָ־לעטאַריאַט, — דערפון הענגט אָפּ דער גורל פון דער רעוואָלוציע און די פעסטקייט פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. די רעוואָלוציעס

פון 48 און 71 יאָרן אין פראַנקרייך זיינען אומגעקומען דעריקער דערפאַר, ווייל די פריערשע רעוואָלוציעס האָבן זיך ארויסגעוויזן אַף דער זייט פון דער בורזשואַזיע. די אָקטיאַבר־רעוואָלוציע האָט געזיגט דערפאַר, ווייל זי האָט באַוויזן אָפּצונעמען בא דער בורזשואַזיע אירע פריערשע רעזערוון, ווייל זי האָט באַוויזן צו געווינען דידאָזיקע רעזערוון אַפן צאַד פונם פּראָלעטאַריאַט, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע ארויסגעוויזן פאַר דער איינציקער אָנפירנדיקער קראַפט פון די מיליאָניקע מאַסן האַרעפּאַשניקעס פון שטאָט און דאָרף.

ווער עס האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען, דער וועט קיינמאָל ניט פאַרשטיין ניט דעם כאַראַקטער פון דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע, ניט די אייגנאַרטיקייט פון דער פּאָליטיק פון אונזער פּראָלעטאַרישער מאַכט.

די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז ניט קיין פּאָשעטער רעגירנדער אויבנאָן, וואָס איז „בעריעש" „אָפּגעקליבן געוואָרן" דורך דער זאַרגזאַמער האַנט פון אַ „געניטן סטראַטעג" און וואָס „שפּאַרט זיך סייכלדיק אָן" אַף די אָדער יענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אַ קלאַסן־בונד פונם פּראָלעטאַריאַט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פונם פּויערטום אַף אַראָפּצוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם, פאַרן ענדגילטיקן ניצחון פונם סאָציאַליזם, בא דעם באַדינג, אַז די אָנפירנדיקע קראַפט פון דעמדאָזיקן בונד איז דער פּראָלעטאַריאַט.

עס האַנדלט זיך דאָ, אַזוי אַרום, ניט וועגן דעם, אַז מע זאָל „אַביסעלע" ניט דערשאַצן, אָדער „אַביסעלע" איבערשאַצן די רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן פון דער פּויערשער באַוועגונג, ווי עס האָבן איצט ליב זיך אויסצודריקן אייניקע דיפּלאָמאַטישע פאַרטיידיקער פון דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע". עס האַנדלט זיך וועגן דער נאַטור פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, וואָס איז אַנטשטאַנען אַלס רעזולטאַט פון דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע. עס האַנדלט זיך וועגן דעם כאַראַקטער פון דער פּראָלעטאַרישער מאַכט, וועגן די יעסוידעס פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט גופע.

„די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, -- זאָגט לענין — איז אַ באַזונדערע פאָרם פון אַ קלאַסן־בונד צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט, דעם אַוואַנגאַרד פון די אַרבעטנדיקע, מיט די פילצאָליקע ניטפּראָלעטאַרישע שיכטן אַרבעטנדיקע (די קליין־בורזשואַזיע, די קליינע באַלעבאַטימלעך, דאָס פּויערטום, די אינטעליגענץ א. א. וו.) אָדער מיט דער מערהייט פון זיי, אַ בונד קעגן קאַפּיטאַל, אַ בונד מיטן

ציל אינגאַנצן אָראָפּצואוואַרפן דעם קאַפּיטאַל, אינגאַנצן אונטער־דריקן דעם ווידערשטאַנד פון דער בורזשואַזיע און די פּרואוון פון רעסטאַווראַציע מיצאַד איר, אַ בונד מיטן ציל ענדגילטיק צו באַ־שאַפן און פאַרפעסטיקן דעם סאָציאַליזם" (זע ב. XVI ז. 241).

און ווייטער:

„די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, אויב מע זאָל איבער־זעצן דעמדאָזיקן לאַטייניש, וויסנשאַפטלעכן, היסטאָריש־פילאָ־זאָפישן אויסדריק אויף אַ מער פּאָשעטע שפּראַך, באַטייט אָט וואָס: נאָר אַ באַשטימטער קלאַס, דעהאַינע די שטאָטישע און ביכלאַל די פאַבריק־זאַוואָדישע אינדוסטריעלע אַרבעטער, זיינען אימשטאַנד אָנצופירן מיט דער גאַנצער מאַסע אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטיר־טע אינם קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פונם קאַפּיטאַל, אינם גאַנג פון אַראָפּוואַרפן גופע, אינם קאַמף פאַר איינהאַלטן און פאַר־פעסטיקן דעם ניצחון, אין דער זאַך פון באַשאַפן אַ נייע, סאָציאַ־ליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, אינם גאַנצן קאַמף פאַר דער פולער פאַרניכטונג פון קלאַסן" (זע ב. XVI ז. 248).

אָט דאָס איז די טעאָריע פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס לענין האָט געגעבן.

איינע פון די באַזונדערהייטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע באַ־שטייט אין דעם, וואָס דידאָזיקע רעוואָלוציע איז אַ קלאַסישע דורכפי־רונג פון דער לענינישער טעאָריע פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

אייניקע כאַווײרים מיינען, אַז די טעאָריע איז אַ ריין־„רוסישע" טעאָריע, וואָס האָט אַ שאַיכעס בלויז צו דער רוסלענדישער ווירקלעכ־קייט. דאָס איז ניט ריכטיק, דאָס איז לאַבסאָלוטן ניט ריכטיק. רייד נדיק וועגן די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די ניטפּראָלעטאַרישע קלאַסן, וואָס ווערן אָנגעפירט דורכן פּראָלעטאַריאַט, האָט לענין אין זינען ניט נאָר די רו־סישע פּויערים, נאָר אויך די אַרבעטנדיקע עלעמענטן פון די גרעניץ־לענ־דער פונם ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָבן נאָך ערשט ניט לאַנג פאַרגעשטעלט מיט זיך קאָלאָניעס פון רוסלאַנד. לענין האָט קעסיידער געטאַינעט, אַז אָן אַ בונד מיט דידאָזיקע אַנדער־נאַציאָנאַלע מאַסן וועט דער פּראָלע־טאַריאַט פון רוסלאַנד ניט קאָנען זיגן. אין זיינע אַרטיקלען איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע און אין די רעדעס אויף די קאָנגרעסן פון קאָמינטערן האָט לענין ניט איין מאָל געזאָגט, אַז דער ניצחון פון דער אַלוועלט־

לעבער רעוואָלוציע איז אומעגלעך אָן אַ רעוואָלוציאָנערן בונד, אָן אַ רע־
וואָלוציאָנערן בלאָק פונם פראָלעטאַריאַט פון די פאָרגעשריטענע לענ־
דער מיט די אונטערדריקטע פעלקער פון די פאַרשקלאַפטע קאָלאָניעס.
אָבער וואָס זיינען אזוינס די קאָלאָניעס, אויב ניט דיזעלביקע אונטער־
דריקטע ארבעטנדיקע מאַסן, און פריער פאַר אַלץ די ארבעטנדיקע מאַסן
פויערטום? ווער מען איז ניט באַקאַנט, אַז די פראַגע וועגן דער באַפריי־
אונג פון די קאָלאָניעס איז אין טאָך פון דער זאַך אַ
פראַגע וועגן באַפרייען די אונטערדריקטע מאַסן פון די ניטפראָלעטאַרישע
קלאַסן פון אונטערן יאָך און פון דער עקספּלואַטאַציע פונם פינאַנץ־
קאַפּיטאַל?

דערפון איז אָבער געדרונגען, אַז די לענינישע טעאָריע פון דיקטאַ־
טור פונם פראָלעטאַריאַט איז ניט קיין ריין־„רוסישע" טעאָריע, נאָר
אַ טעאָריע, וואָס איז אַ מוז פאַר אַלע לענדער. דער באָלשעוויזם איז
ניט נאָר אַ רוסישע דערשיינונג. „דער באָלשעוויזם", זאָגט לענין, איז
אַ „מוסטער פון טאַקטיק פאַר אַלעמען" (זע „פראָלעטאַרישע רעוואָלו־
ציע" ז. 89).

אָט דאָס זיינען די כאַראַקטער־שטריכן פון דער ערשטער באַזונדער־
הייט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

ווי האַלט עס מיט כ' טראָצקיס טעאָריע פון „פערמאַנענטער רע־
וואָלוציע" פונם שטאַנדפּונקט פון דערדאָזיקער באַזונדערהייט פון דער
אָקטיאַבער־רעוואָלוציע?

*

מיר וועלן זיך ניט פאַרשפּרייטן וועגן כ' טראָצקיס פּאָזיציע אין
1905 יאָר, ווען ער האָט „פּאָשעט" פאַרגעסן וועגן פויערטום אַלס רעוואָ־
לוציאָנערע קראַפט, אַרויסרוקנדיק דעם לאָזונג: „אָן אַ קייסער, און
די רעגירונג — אָן אַרבעטערשע", ד. ה. אַ לאָזונג וועגן אַ רעוואָלוציע
אָן דעם פויערטום. אפילו כ' ראַדעק, דערדאָזיקער דיפּלאָמאַטישער פאַר־
טיידיקער פון דער „פערמאַנענטער רעוואָלוציע", איז איצט געצוואונגען
צו אָנערקענען, אַז די „פערמאַנענטע רעוואָלוציע" האָט אין 1905 יאָר
באַטייט „אַ שפּרונג אין דער לופטן" פון דערווירקלעכקייט (זע „פּראַווי־
דאַ" פון 14 דעקאַבער 1924 יאָר). איצט, ווייזט אויס, אָנערקענען אַלע,
אַז מיט דעמדאָזיקן „שפּרונג אין דער לופטן" לוינט ניט האָבן צו טאָן.

מיר וועלן אויך ניט מאַריך זיין וועגן כ' טראָצקיס פּאָזיציע אינם
פּעריאָד פון מילכאָמע, לאָמיר זאָגן, אין 1915 יאָר, ווען ער האָט אין
זיין אַרטיקל „קאַמף פאַר דער מאַכט", אַרויסגייענדיק פון דעם, וואָס

„מיר לעבן אין אַ עפּאָכע פון אימפעריאַליזם“, וואָס דער אימפעריאַליזם „שטעלט אַנטקעגן ניט די בורזשואַזע נאַציע דעם אַלטן רעזשים, נאָר דער פּראָלעטאַריאַט — דער בורזשואַזער נאַציע“, — איז ער געקומען צום אויספיר, אַז די רעוואָלוציאָנערע ראָלע פונם פּויערטום מוז פאַלן, אַז דער לאָזונג וועגן קאָנפיסקירן די ערד האָט שוין ניט די באַדייטונג, וועלכע ער האָט געהאַט פריער (זע „1905 יאָר“, ז. ז. 289 ביז 292). עס איז באַקאַנט, אַז פאַנאַנדערקלייבנדיק דעמדאָזיקן אַרטיקל פון כ' טראָצקי, האָט אים לענין באַשולדיקט דערמאָלט אין „אָפּלייקענען“ „די ראָלע פונם פּויערטום“, זאָגנדיק, אַז „טראָצקי העלפט פאַקטיש די ליבעראַלע אַרבעטער-פּאָליטיקער פון רוסלאַנד, וועלכע פאַרשטייען אונטער דער „אָפּלייקענונג“ פון דער ראָלע פונם פּויערטום דאָס נ י ט וועלן אויפהויבן דאָס פּויערטום אַף אַ רעוואָלוציע!“ (זע „קעגן שטראָם“ („Против течения“) ז.ז. 307—308).

לאָמיר בעסער איבערגיין צו כ' טראָצקיס שפּעטערדיקע אַרבעטן איבער דערדאָזיקער פראַגע, צו די אַרבעטן פון דעם פּעריאָד, ווען די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור האָט שוין באַוויזן זיך צו באַפעסטיקן, און ווען כ' טראָצקי האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו רעווידירן זיין טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“ אַף דער וואָר און אויסבעסערן זיינע פעלערן. לאָמיר נעמען דאָס „פאָרוואָרט“ צו כ' טראָצקיס בוך „1905 יאָר“, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1922 יאָר. אָט וואָס עס זאָגט כ' טראָצקי אין דעמדאָזיקן „פאָרוואָרט“ וועגן דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“:

„גראַד אינם פּעריאָד צווישן דעם 9 יאַנוואַר און דעם אָקטיאַבער-שטרייק פון 1905 יאָר האָט זיך באַם מעכאַבער אויסגעבילדעט דער קוק אַף דעם כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“. דערדאָזיקער האַרבער נאָמען האָט אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז די רוסישע רעוואָלוציע, פאַר וועלכער עס שטייען אומיטלבאַר בורזשואַזע צילן, וועט זיך פונדעסטעוועגן אַף זיי ניט קאָנען אָפּשטעלן. די רעוואָלוציע קאָן ניט לייזן אירע נאָענטסטע בורזשואַזע אויפגאַבן אַנדערש, ווי אַרויפשטעלנדיק באַ דער מאַכט דעם פּראָלעטאַריאַט, און נעמענדיק אין די הענט די מאַכט, וועט זיך אָט דער לעצטער ניט קאָנען באַשרענקען מיט בורזשואַזע ראַמען אין דער רעוואָלוציע. פאַרקערט, טאַקע אַף צו זיכערן זיין ניצאָכן וועט דעם פּראָלעטאַ-

רישן אוואנגארד אויסקומען גלייך אין די ערשטע צייטן פון זיין הערשאפט דורכמאכן די טיפסטע ארייננריסן ניט נאר אינם פעאָדאלן, נאר אויך אינם בורזשואזן אייגנטום. דערביי וועט ער קומען אין פיינטלעכע צוזאמענשטויסן*) ניט נאר מיט אלע גרופירונגען פון דער בורזשואזיע, וועלכע האָבן אים אונטערשטיצט אין די ערשטע צייטן פון זיין רעוואָלוציאָנערן קאמף, נאר אויך מיט די ברייטסטע מאסן פויערטום*), וואָס באַ זייער מיטהילף איז ער געקומען צו דער מאכט. די ווידערשפרוכן אין דער לאגע פון אַן ארבעטער־רעגירונג אין אַן אָפגעשטאנענעם לאנד מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט פון פויערשער באַפעלקערונג קאָנען געפינען זייער ליי‌זונג בלויז אינם אינטערנאציאָנאלן מאסשטאַב, אַף דער ארענע פון דער אלוועלטלעכער רעוואָלוציע פונם פראָלעטאריאט" (זע דאָס אויבן דערמאנטע „פארווארט" צו כ' טראָצקיס בוך „1905 יאָר").

אזוי רעדט כ' טראָצקי וועגן זיין „פערמאנענטער רעוואָלוציע".

מע דארף מער ניט ווי פארגלייכן דיזאָזיקע ציטאטע מיט די אויבן געבראכטע ציטאטן פון כ' לענינס ווערק וועגן דער דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט, כדיי צו פארשטיין דעם גאנצן טהאם, וואָס טיילט אָפּ די לענינישע טעאָריע פון דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט פון כ' טראָצקיס טעאָריע וועגן „פערמאנענטער רעוואָלוציע".

לענין רעדט וועגן א בונד פונם פראָלעטאריאט מיט די ארבעטנדיקע פון פויערטום אלס יעסאָד פאר דער דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט. באַ טראָצקין ווידער באקומען זיך „פיינטלעכע צוזאמענשטויסן" „פונם פראָלעטארישן אוואנגארד" מיט די „ברייטע מאסן פויערטום".

לענין רעדט וועגן אָנפירונג פונם פראָלעטאריאט מיט די ארבעטנדיקע און עקספּלואטירטע מאסן. באַ טראָצקין ווידער באקומען זיך „ווידערשפרוכן אין דער לאגע פון אַן ארבעטער־רעגירונג אין אַן אָפגעשטאנענעם לאנד מיט אַן איבערוועגנדיקער מערהייט פון פויערשער באַפעלקערונג".

לויט לענינען שאפט די רעוואָלוציע אירע קויכעס פריער פון אלץ צווישן די ארבעטער און פויערים פון רוסלאנד גופע. באַ טראָצקין ווידער

*) אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. סט.

באקומט זיך, אז די נויטיקע קויכעס קאָן מען שאַפן ב ל ו י ז „אַף דער ארענע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע".

און ווי זאָל זיין, אויב דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע איז באַשערט צו קומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג? צי איז פאַראַן עפּעס אַ דורכשיין פאַר אונזער רעוואָלוציע? כ' טראָצקי גיט ניט קיין שום דורכשיין, ווייל „די ווידערשפּרוכן אין דער לאַגע פון אַן אַרבעטער־רע־גירונג... קאָנען געפינען זייער לייזונג ב ל ו י ז... אַף דער ארענע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע פונם פּראָלעטאַריאַט". לויט דעמדאָ־זיקן פּלאַן בלייבט פאַר אונזער רעוואָלוציע נאָר איין פּערספּעקטיוו: מאַטערן זיך אין אירע אייגענע ווידערשפּרוכן און פוילן אין וואָרצל אין דערוואַרטונג פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע.

וואָס איז אַזוינס די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט לויט לע־נינען?

די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז אַ מאַכט, וועלכע שפּאַרט זיך אָן אַף דעם בונד פונם פּראָלעטאַריאַט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פונם פּויערטום מיטן ציל „אינגאַנצן אַראָפּצוּוואַרפן דעם קאַפּיטאַל", מיטן ציל „ענדגילטיק צו באַשאַפן און פאַרפעסטיקן דעם סאָציאַליזם".

וואָס איז אַזוינס די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט לויט טראָצ־קין?

די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט איז אַ מאַכט, וועלכע טרעט אריין „אין פיינטלעכע צוזאַמענשטויסן" מיט די „ברייטע מאַסן פּויער־טום" און וועלכע זוכט די לייזונג פון די„ווידערשפּרוכן" ב ל ו י ז „אַף דער ארענע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע פונם פּראָלעטאַריאַט".

מיט וואָס אונטערשיידט זיך די דאָזיקע „טעאָריע פון „פּערמאַנענ־טער רעוואָלוציע" פון דער באַוואוסטער טעאָריע פון מענשעוויזם וועגן אָפּלייקענען די אידיי פון דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט?

אין טאָך גענומען, מיט קיין זאַך ניט.

ספּייקעס זיינען אומעגלעך. די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע" איז ניט קיין איינפאַכע ניטדערשאַצונג פון די רעוואָלוציאָנערע מעגלעכ־קייטן פון דער פּויערשער באַוועגונג. די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע" איז אַזאַ ניטדערשאַצונג פון דער פּויערשער באַוועגונג, וועלכע פירט צום אָ פּ ל ײ ק ע נ ע ן די לענינישע טעאָריע פון דיקטאַטור פונם פּראָלע־טאַריאַט

כ׳ טראָצקים „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע״ איז אַ מין מענשעוויזם.

אַזוי האַלט עס מיט דער ערשטער באַזונדערהייט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

ווי זעען אויס די כאַראַקטער־שטריכן פון דער צווייטער באַזונדערהייט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע?

שטודירנדיק דעם אימפּעריאַליזם, באַזונדערס אינם פּעריאָד פון מיל־כאָמע, איז לענין געקומען צום געזעץ וועגן דער ניטגלייכמעסיקייט, שפּרונגאַרטיקייט פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. לויטן זין פון דעמדאָזיקן געזעץ איז די אַנטוויקלונג פון באַזונדערע אונטערנעמונגען, טרעסטן, צווייגן פון דער אינדוסטריע און באַזונדערע לענדער קומט פאָר ניט גלייכמעסיק, ניט אויף אַן אויפן פון אַן איינגעשטעלטער ריי, ניט אַזוי, אַז איין טרעסט, איין צווייג פון דער אינדוסטריע אָדער איין לאַנד זאָל די גאַנצע צייט גיין פאָרויס, און די אַנדערע טרעסטן אָדער לענדער זאָלן אָפּשטיין שריטווייז איינס נאָכן אַנדערן, — נאָר שפּרונגאַרטיק, מיט האַפּסאַקעס אין דער אַנטוויקלונג פון איינע לענדער און מיט שפּרונגען פאָרויס אין דער אַנטוויקלונג פון אַנדערע לענדער. דערביי איז די „פולקום געזעצ־לעכע״ שטרעבונג פון די אָפּשטייענדיקע לענדער צו פאַרהיטן די אַלטע פּאָזיציעס און די פּונקט אַזוי „געזעצלעכע״ שטרעבונג פון די פאָרויס־אַרויסגעשפּרונגענע לענדער צו פאַרכאַפּן נייע פּאָזיציעס פירן דערצו, אַז די קריזיס־צוזאַמענשטויסן פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער ווערן אַן אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט. אַזוי איז געווען, לעמאָשל, מיט דייטשלאַנד, וואָס איז מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק געווען אין פאַר־גלייך מיט פראַנקרייך און ענגלאַנד אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד. דאָסזעל־ביקע דאַרף מען זאָגן וועגן יאַפּאַניע אין פאַרגלייך מיט רוסלאַנד. עס איז פונדעסטוועגן באַקאַנט, אַז שוין אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט האָבן דייטשלאַנד און יאַפּאַניע אַ שפּרונג געטאָן אַזוי ווייט, אַז די ערשטע האָט באַוויזן איבערצויאָגן פראַנקרייך און האָט אָנגעהויבן צו דרענגען ענגלאַנד אפן וועלט־מאַרק, און די צווייטע — רוסלאַנד. פון דידאָזיקע סטירעס איז טאַקע, ווי באַקאַנט, אַנטשטאַנען די ניט לאַנג פאַרגעקומענע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע.

דערדאָזיקער געזעץ גייט אַרויס פון דעם, וואָס:

1) „דער קאַפּיטאַליזם איז אַריבערגעוואַקסן אין אַן אַלוועלטלעכע סיסטעם פון קאָלאָניאַלן אונטערדריקן און פינאַנציעלן דערשטיקן די

ריזיקע מערהייט פון דער ערד מיצאד א הייפל „פארגעשריטענע לענ־
דער" (זע דאָס פאַרוואָרט צו דער פראנצויזישער אויסגאבע פון לענינס
„אימפּעריאַליזם") ;

2) „די צעטיילונג פון דעמדאָזיקן „רויב" קומט פאַר צווישן 2—3
אַלוועלטלעך מעכטיקע, פון קאָפּ ביז די פיס באַוואָפנטע רויבער (אַמע־
ריקע, ענגלאַנד, יאַפּאַניע), וועלכע ציען אריין אין זייער מילכאָמע
צוליב דער צעטיילונג פון זייער רויב די גאַנצע ערד" (דאָרט) ;

3) דער וואוקס פון די סטירעס אינעווייניק אין דער אַלוועלטלע־
כער סיסטעם פון פינאַנציעלער אונטערדריקונג און די אוממעגלעכ־
לעכקייט פון מיליטערישע צוזאַמענשטויסן פירן דערצו, אַז דער אַל־
וועלטלעכער פראָנט פון אימפּעריאַליזם קאָן לייכט געשלאָגן ווערן דורך
דער רעוואָלוציע און אַ דורכרייס פון דעמדאָזיקן פראָנט מיצאד
איינצלנע לענדער ווערט אַ וואַרשיינלעכע זאַך ;

4) דעררדאָזיקער דורכרייס קאָן וואַרשיינלעכער פון אַלץ פאַרקומען
אין יענע פונקטן און אין יענע לענדער, וואו די קייט פונם אימפּעריאַ־
ליסטישן פראָנט איז שוואַכער, ד. ה. וואו דער אימפּעריאַליזם איז וויי־
ניקער פון אַלץ אונטערגעקאָוועט, און דער רעוואָלוציע איז לייכטער פון
אַלץ זיך פאַנאַנדערצואַוויקלען ;

5) דעריבער איז דער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד,
ווען אפילע דאָסדאָזיקע לאַנד איז קאַפּיטאַליסטיש ווייניקער אַנטוויקלט,
באַם פאַרבלייבן פונם קאַפּיטאַליזם אין אַנדערע לענדער, ווען אפילע
די דאָזיקע לענדער זיינען קאַפּיטאַליסטיש מער אַנטוויקלט, — איז דער
ניצאָכן פולקום מעגלעך און וואַרשיינלעך.

אָט דאָס זיינען אין אייניקע ווערטער די יעסוידעס פון דער לעני־
נישער טעאָריע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אין וואָס באַשטייט די צווייטע באַזונדערהייט פון דער אָקטיאַבער־
רעוואָלוציע ?

די צווייטע באַזונדעהייט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע באַשטייט
דעריין, וואָס די דאָזיקע רעוואָלוציע איז אַ מוסטער פון באַנוצן אין דער
פּראַקטיק די לענינישע טעאָריע פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

ווער עס האָט ניט פאַרשטאַנען די דאָזיקע באַזונדערהייט פון דער
אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, דער וועט קיינמאָל ניט פאַרשטיין ניט דעם אינ־
טערנאַציאָנאַלן מעהוס פון דעררדאָזיקער רעוואָלוציע, ניט איר קאָלאָסאַלע

אינטערנאציאנאלע מאכט, ניט איר אייגנארטיקע אויסערלעכע פאליטיק.

„די ניטגלייכמעסיקייט פון דער עקאנאמישער און פאליטישער אנטוויקלונג, — זאגט לענין, — איז אן אומבאדינגטער געזעץ פונם קאפיטאליזם. דערפון איז גדרונגען, אז עס איז מעגלעך דער ניצאכן פונם סאציאליזם לכאטכילע אין ווייניקע אדער אפילע אין איין, באזונדער גענומען קאפיטאליסטישן לאנד. נאך דעם, ווי דער זיגערישער פראלעטאריאט פון דעמדאזיקן לאנד עקספראפריירט די קאפיטאליסטן און ארגאניזירט בא זיך די סאציאליסטישע פראדוקציע, וואלט ער זיך געשטעלט קעגן דער איבעריקער קאפיטאליסטישער וועלט, צוציענדיק צו זיך די אונטערגעדריקטע קלאסן פון אנדערע לענדער, אויפהויבנדיק אין זיי אן אויפשטאנד קעגן די קאפיטאליסטן, ארויסטרעטנדיק אין פאל פון נויטווענדיקייט אפילע מיט מיליטערישער קראפט קעגן די עקספלואטאטארישע קלאסן און זייערע מעלוכעס“... ווייל „עס איז אומעגלעך די פרייע פארייניקונג פון נאציעס אינם סאציאליזם אן א מער אדער ווייניקער לאנגדויערנדיקן, אקשאנעסדיקן קאמף פון די סאציאליסטישע רעפובליקן מיט די אפגעשטאנענע מעלוכעס“ (זע „קעגן שטראם“ ז. 130).

די אפארטוניסטן פון אלע לענדער באהויפטן, אז די פראלעטארישע רעוואלוציע קאן זיך אנהויבן — אויב זי דארף זיך ביכלאל לויט זייער טעאריע וואו עס איז אנהויבן — נאר אין די אינדוסטריעל אנטוויקלטע לענדער, אז וואס מער אנטוויקלט אין אינדוסטריעלער הינזיכט עס זיינען דידאזיקע לענדער, אלץ גרעסער זיינען די שאנסן אפן ניצאכן פונם סאציאליזם, דערביי ווערט די מעגלעכקייט פון א ניצאכן פונם סאציאליזם אין איין לאנד, דערצו נאך אין א קאפיטאליסטיש ווייניק אנטוויקלטן לאנד, בא זיי אינגאנצן אויסגעשלאסן, ווי עטוואס אזוינס, וואס איז אבסאלוט אומגלויבלעך. נאך אין דער צייט פון דער מילכאמע האט לענין, שטיצנדיק זיך אפן געזעץ פון דער ניטגלייכמעסיקער אנטוויקלונג פון די אימפעריאליסטישע מעלוכעס, קעגנגעשטעלט די אפארטוניסטן זיין טעאריע פון פראלעטארישער רעוואלוציע, וועגן דעם ניצאכן פונם סאציאליזם אין איין לאנד, אויב אפילע דאסדאזיקע לאנד איז קאפיטאליסטיש ווייניקער אנטוויקלט.

עס איז באקאנט, אז די אקטיאבער־רעוואלוציע האט פולקום בא־

שטעטיקט די ריכטיקייט פון דער לעניניסטער טעאָריע פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

ווי האַלט עס מיט כ׳ טראַצקיס „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“ פון שטאַנדפּונקט פון דער לענינישער טעאָריע פון פּראָלעטאַרישער רעוואָ־לוציע?

לאָמיר נעמען כ׳ טראָצקיס בראָשור „אונזער רעוואָלוציע“ (1906 יאָר). כ׳ טראָצקי שרייבט:

„אָן דער דירעקטער מעלוכישער אונטערשטיצונג מיצאַד דעם אייראָפּעאישן פּראָלעטאַריאַט וועט זיך דער אַרבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד ניט קאָנען איינהאַלטן באַ דער מאַכט און פאַרוואַנדלען זיין צייטווייליקע הערשאַפט אין אַ לאַנגדויערנדיקע סאָציאַליסטישע דיקטאַטור. דערין קאָן מען ניט צווייפלען קיין איין מינוט“ (זע „אונזער רעוואָלוציע“ ז. 278).

ווענן וואָס רעדט דידאָזיקע ציטאַטע? ווענן דעם, אַז דער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, אין געגעבענעם פאַל אין רוסלאַנד, איז ניט מעגלעך אָן דער דירעקטער מעלוכישער אונטערשטיצונג מיצאַד דעם אייראָפּעאישן פּראָלעטאַריאַט“, ד. ה. ביז דער אייראָ־פּעאישער פּראָלעטאַריאַט וועט געווינען די מאַכט.

וואָס איז פאַראַן געמיינזאַמעס צווישן דערדאָזיקער „טעאָריע“ און לענינס האַנאַכע ווענן דער מעגלעכקייט פונם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם „אין איין, באַזונדער גענומען, קאַפּיטאַליסטישן לאַנד“?

קלאָר, אַז קיין שום געמיינזאַמעס איז דאָ ניטאָ.

נאָר לאָמיר נאָכגעבן, אַז דידאָזיקע בראָשור פון כ׳ טראָצקי, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1906 יאָר, ווען עס איז שווער געווען צו באַשטימען דעם כאַראַקטער פון אונזער רעוואָלוציע, אַנטהאַלט אומ־גערנדיקע פעלערן און איז ניט אינגאַנצן צוגעפּאַסט צו כ׳ טראָצקיס אַנשוויאונגען אינם שפּעטערדיקן פּעריאָד. לאָמיר באַטראַכטן אַ צווייטע בראָשור פון כ׳ טראָצקי, זיין „פּראָגראַם פון שאָלעם“, וואָס איז דער־שינען פאַר דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע פון 1917 יאָר און איז ווידעראַ־מאָל אַרויסגעגעבן געוואָרן איצט (אין 1924 יאָר) אינם בוך „1917“. אין דערדאָזיקער בראָשור קריטיקירט כ׳ טראָצקי די לענינישע טעאָריע פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע ווענן דעם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד און שטעלט קעגן איר דעם לאָזונג פון פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע. ער טאַינעט, אַז דער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין

לאַנד איז אומעגלעך, אַז דער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם איז מעגלעך בלויז אַלס ניצאָכן פון עטלעכע גרונט־לענדער פון אייראָפּע (ענגלאַנד, רוסלאַנד, דייטשלאַנד), וועלכע פאַרייניקן זיך אין פאַרייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע, אָדער ער איז גאָר אינגאַנצן ניט מעגלעך. ער זאָגט פּאָשעט, אַז „אַ זיגרייכע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אָדער אין ענגלאַנד איז אומעגלעך זיך פאַרצושטעלן אָן אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, און פאַרקערט“ (זע „1917“, דריטער באַנד פון כ' טראָצקיס ווערק, ט. ערשטער, ז. 89).

„דער איינציקער וויפל ניט איז קאָנקרעטער היסטאָרישער ארגומענט, — זאָגט כ' טראָצקי, — קעגן דעם לאָזונג פון פאַרייניקטע שטאַטן איז פאַרמולירט געוואָרן אינם שווייצאַרישן „סאָציאַל־דעמאָקראַט“ (דער דעמאָלטיקער צענטראַלער אָרגאַן פון די באָלשעוויקעס י. סט.) אין אַזאַ פראַזע: „די ניטגלייכמעסיקייט פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג איז אַן אומבאַדינגטער געזעץ פונם קאַפּיטאַליזם“. דערפון האָט דער „סאָציאַל־דעמאָקראַט“ געמאַכט דעם אויספיר, אַז עס איז מעגלעך דער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, און אַז עס איז ניט נויטיק דעריבער פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אין יעדער באַזונדער מעלוכע צו שטעלן דעם טנאַי פון שאַפן פאַרייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע. אַז די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פון פאַרשיידענע לענדער איז ניט גלייכמעסיק, איז אַן אבסאָלוט אומבאַשטרייטבאַרער ארגומענט. אָבער די דאָזיקע ניטגלייכמעסיקייט גופע איז זייער ניטגלייכמעסיק. דער קאַפּיטאַליסטישער ניוואָ פון ענגלאַנד, עסטרייך, דייטשלאַנד אָדער פראַנקרייך איז ניט איינער און דערזעלבער. אָבער אין פאַרגלייך מיט אַפריקע און אַזיע שטעלן די דאָזיקע אַלע לענדער מיט זיך פאַר די קאַפּיטאַליסטישע „אייראָפּע“, וואָס איז צייטיק פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אַז קיין שום לאַנד דאַרף ניט „אויסוואַרטן“ אויף אַנדערע אין זיין קאַמף, דאָס איז אַן עלעמענטאַרער געדאַנק, וועלכן עס איז נוצלעך און נויטיק איבערצוכאַזערן, כּדי די אידיי פון פּאַראַלעלן אינטערנאַציאָנאַלן טאַט זאָל ניט פאַרביטן ווערן אויף דער אידיי פון אויסוואַרטנדיקער אומטעטיקייט. ניט וואַרטנדיק אויף די אַנדערע, הויבן מיר אָן און זעצן פאָר דעם קאַמף אויפן נאַציאָנאַלן באָדן אין דער פולער זיכערקייט, אַז אונזער איניציאַטיוו וועט געבן אַ שטויס

דעם קאַמף אין אַנדערע לענדער; און ווען דאָס זאָל ניט פּאָרקומען, איז האָפענונגסלאָז צו טראַכטן, — אַזוי זאָגן אידעס סאַי די דערפאַרונג פון דער געשיכטע, סאַי טעאָרעטישע אַרגומענטן, — אַז, לעמאָשל, דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד זאָל באַשטיין קעגן דער קאָנסערוואַטיווער איראָפּע, אָדער דאָס סאָציאַליסטישע דייטשלאַנד זאָל קאָנען פאַרבלייבן איזאָלירט אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט" (זע דריטער באַנד פון כ' טראָצקיס ווערק, טייל I ז. ז. 81—90).

ווי איר זעט, האָבן מיר פאַר זיך דיזעלביקע טעאָריע פון גלייכצייטיקן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין די גרונט־לענדער פון איראָפּע אַלס קלאַל, וועלכער שליסט אויס די לענינישע טעאָריע פון רעוואָלוציע וועגן דעם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד.

ניטאָ וואָס צו ריידן, — פאַרן פולן ניצאָכן פונם סאָציאַליזם, פאַר דער פולער גאַראַנטיע קעגן דער ווידעראויפשטעלונג פון די אַלטע פאַראַנדקעס זיינען נויטיק די געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון עטלעכע לענדער. ניטאָ וואָס צו ריידן, — אָן דעם אונטערשטיצן אונזער רעוואָלוציע מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט פון איראָפּע וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד ניט געקאָנט ביישטיין קעגן דעם אַלגעמיינעם אָנגריף, פּונקט ווי אָן דעם אונטערשטיצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אַפן מאַירעוו מיצאַד דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וואָלט דידאָזיקע באַוועגונג ניט געקאָנט זיך אַנטוויקלען מיט דעם טעמפּ, מיט וועלכן זי האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען נאָך דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד. ניט שאַיעך צו ריידן, — מיר דאַרפן האָבן אונטערשטיצונג. אָבער וואָס הייסט אַזוינס אונטערשטיצונג פון אונזער רעוואָלוציע מיצאַד דעם מאַירעוו־איראָפּעאישן פּראָלעטאַריאַט? דער מיטגעפיל פון די איראָפּעאישע אַרבעטער צו אונזער רעוואָלוציע, זייער גרייטקייט צו צעשטערן די פּלענער פון די אימפּעריאַליסטן מיקויעך אינטערווענץ — איז דאָס אַלץ אונטערשטיצונג, ערנסטע הילף? אַוואַדע יאָ. אָן אַזאַ אונטערשטיצונג, אָן אַזאַ הילף ניט נאָר מיצד די איראָפּעאישע אַרבעטער, נאָר אויך מיצאַד די קאָלאָניאַלע און אָפּהענגיקע לענדער וואָלט דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד אויסגעקומען שמאָל. צי האָט ביז איצט געקלעקט דערדאָזיקער מיטגעפיל און דידאָזיקע הילף, פאַרייניקט מיט דער

מעכטיקייט פון אונזער רויטער ארמיי און מיט דער גרייטקייט פון די ארבעטער און פויערים פון רוסלאנד מיט זייער ברוסט צו באשיצן דאס סאָציאַליסטישע פאָטערלאנד, — צי האָט דאָס אַלץ געקלעקט אַף אָפּצו־שלאָגן די אַטאַקעס פון די אימפּעריאַליסטן און אויסשפּילן פאר זיך די נויטיקע באדינגונגען פאר אַן ערנסטער בויאונגס־ארבעט? יאָ, ס'האָט געקלעקט. צי וואַקסט דערדאָזיקער מיטגעפיל אָדער ער פאַלט? אַוואַדע וואַקסט ער. צי זיינען פאראַן באַ אונז אזוי ארום גינסטיקע באדינגונגען ניט נאָר אַף אַ רוק צו טאָן פאָרויס די זאַך פון אָרגאַניזירן די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט, נאָר אויך אַף צו געבן שטיצע פון אונ־זער זייט סאַי די מאירעוו־אייראָפּעאישע אַרבעטער, סאַי די אונטער־דריקטע פעלקער פון מיזרעך? יאָ, ס'זיינען פאראַן. וועגן דעם זאָגט אויסגעצייכנט איידעס די זיבניאָריקע געשיכטע פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין רוסלאנד. צי קאָן מען לייקענען, אַז דער מעכטיקער אַר־בעטס־אויפשטייג האָט זיך שוין באַ אונז אָנגעהויבן? ניין, מע קאָן ניט לייקענען.

וואָס פאר אַ באַדייטונג קאָן נאָך דעם אַלעם האָבן כ' טראָצקיס דערקלערונג וועגן דעם, אַז דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאנד וואָלט ניט געקאָנטביישטיין קעגן דער קאָנסערוואַטיווער אייראָפּע? זי קאָן האָבן נאָר איין באַדייטונג: ערשטנס, כ' טראָצקי פילט ניט די אינער־לעכע מעכטיקייט פון אונזער רעוואָלוציע, צווייטנס, כ' טראָצקי פאַר־שטייט ניט די אומשאַצבאַרע באַדייטונג פון דער מאָראַלישער אונטער־שטיצונג, וועלכע עס ווייזן ארויס צו אונזער רעוואָלוציע די ארבעטער פון מאירעוו און די פויערים פון מיזרעך, דריטנס, כ' טראָצקי איז ניט טויפעס די אינערלעכע אָנמעכטיקייט, וואָס צעפרעסט איצט דעם אימ־פּעריאַליזם.

פאַרקאָכט אין דער קריטיק פון דער לעניניסטישער טעאָריע פון פּראָ־לעטאַרישער רעוואָלוציע, האָט כ' טראָצקי אומגערן זיך אַליין צעקלאַפּט אינגאַנצן אין זיין בראָשור „פּראָגראַם פון שאָלעם", וואָס איז ארויס אין 1917 יאָר און איז ווידעראַמאָל ארויסגעגעבן געוואָרן אין 1924 יאָר.

נאָר עפשער איז אויך דידאָזיקע בראָשור פון כ' טראָצקי פאַרעלטערט געוואָרן און האָט צוליב וועלכע ס'איז סיבעס אויפגעהערט צו זיין צו־געפאַסט צו זיינע איצטיקע אנשויאונגען? לאָמיר נעמען כ' טראָצקיס שפּעטערדיקע ארבעטן, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן נאָכן ניצחון פון

דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין איין לאַנד, אין רוס־לאַנד. לאָמיר נעמען, לעמאָשל, דאָס „נאָכוואָרט“ פון כ׳ טראָצקי צו דער נייער אויפלאגע פון דער בראָשור „פּראָגראַם פון שאָלעם“, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1922 יאָר. אָט וואָס ער שרייבט אין דעמדאָזיקן „נאָכוואָרט“:

„איייניקע לעזער קאָן זיך עפּשער דוכטן, אַז די באַהויפּטונג, וועלכע באַזערט זיך עטלעכע מאָל איבער אין דער „פּראָגראַם פון שאָלעם“, אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע קאָן זיך ניט פאַרענדיקן זיגרייך אין נאַציאָנאַלע ראַמען, — אַז דידאָזיקע באַהויפּטונג איז אָפּגעלייקנט דורך דער קימאַט פינפיאָריקער דערפאַרונג פון אונזער ראַטן־רעפּובליק. אָבער אַזאַ אויספיר וואָלט געווען ניט קיין באַ־גרינדעטער. דער פאַקט, וואָס די אַרבעטער־מעלוכע האָט זיך איינגעהאַלטן קעגן דער גאַנצער וועלט אין איין לאַנד, און דערצו נאָך אין אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, זאָגט איידעס אָף דער קאָלאָסאַ־לער מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע וועט אין אַנדערע, מער פאָרגעשריטענע, מער ציוויליזירטע לענדער פעאיק זיין צו באַ־וויזן בעעמעס וואונדער, אָבער אָפּקעמפנדיק זיך אין פּאָליטישן און מיליטערישן זין, אַלס מעלוכע, זיינען מיר צו דער באַשאַפונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט ניט געקומען און אַפילע ניט צוגעגאַנגען... קאָלזמאַן אין די איבעריקע אייראָפּעאישע לענדער שטייט באַ דער מאַכט די בורזשואַזיע, זיינען מיר גע־צוואונגען, אין קאַמף מיט דער עקאָנאָמישער איזאָלירטקייט, צו זוכן אַן אויסגלייך מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט; אין דערזעלביקער צייט קאָן מען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז דידאָזיקע אויסגלייכן קאָנען אונז אין בעסטן פאַל העלפן צו פאַרהיילן די אָדער יענע עקאָנאָמישע וואונדן, צו מאַכן דעם אָדער יענעם שריט פאָרויס, אָבער אַז דער העכסטער אויפשטייג פון דער סאָציאַליסטישערווירטשאַפט אין רוסלאַנד וועט מעגלעך ווערן ערשט נאָכן ניצאָכן*) פונם פּראָלעטאַריאַט אין די וויכטיקסטע לענדער פון אייראָפּע“ (זע III באַנד פון כ׳ טראָצ־קיס ווערק, I טייל ז. 92—93).

אַזוי זאָגט כ׳ טראָצקי, בעפיירעש זינדיקנדיק קעגן דערווירקלעכ־

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. סט.

קייט און אקשאַנעסדיק באַמיענדיק זיך צו ראַטעווען די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע" פון אַן ענדגילטיקן קראַך.

קומט אַרויס, אַז ווי מע זאָל זיך ניט דרייען, אָבער צו דער באַשאַפונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איז מען ניט בלויז „ניט געקומען", נאָר אַפילו „ניט צוגעגאַנגען". געווען, הייסט עס, באַ עמיצן אַ האָפענונג אויף „אויסגלייכן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט", אָבער פון דידאָזיקע אויסגלייכן קומט אויך, ווייזט אויס, גאָרנישט ניט אַרויס, ווייל, ווי מע זאָל זיך ניט דרייען, נאָר „קיין עכטן אויפשטייג פון דער סאָציאַליסטישערווירטשאַפט" וועט מען ניט באַקומען, קאָלזמאַן עס וועט ניט זיגן דער פּראָלעטאַריאַט „אין די וויכטיקסטע לענדער פון אייראָפּע".

נו, און העיווים ווי קיין ניצאָכן איז נאָך אויפן מאַירעוו ניטאָ, פאַרבלייבט פאַר דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַן „אויסוואַל": אָדער פאַרפוילט ווערן אין וואָרצל, אָדער איבערגעבאָרן ווערן אין אַ בורזשואַזע מעלוכע.

ניט אומזיסט רעדט כ' טראָצקי אַט שוין צוויי יאָר וועגן דער "איבערגעבורט" פון אונזער פּאַרטיי.

ניט אומזיסט האָט כ' טראָצקי פאַראיאָרן נעוויעס געזאָגט וועגן „אומקום" פון אונזער לאַנד.

ווי זאָל מען צונויפפּאַסן דידאָזיקע מעשונעדיקע „טעאָריע" מיט לענינס טעאָריע וועגן דעם „ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד"?

ווי זאָל מען צונויפפּאַסן דידאָזיקע מעשונעדיקע „פּערספּעקטיוו" מיט לענינס פּערספּעקטיוו וועגן דעם, אַז די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק גיט אונז די מעגלעכקייט „אויפצובויען דעם פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק"?

ווי זאָל מען צונויפפּאַסן דידאָזיקע „פּערמאַנענטע" האָפענונגסלאָזיקייט, אַ שטייגער, מיט אַזוינע ווערטער לענינס:

„דער סאָציאַליזם איז איצט ניט קיין פראַגע פון דער ווייטער צוקונפט, אָדער פון עפּעס אַן אַבסטראַקט בילד, אָדער פון עפּעס אַ „איקאָנע". מיקויעך „איקאָנעס" זיינען מיר געבליבן באַ דער אַלטער, זייער שלעכטער מיינונג. מיר האָבן דעם סאָציאַליזם דורכגעשלעפּט אין טאָגטעגלעכן לעבן אַריין, און דאָ דאַרפן מיר זיך פאַנאַנדערקלייבן. אָט וואָס עס איז די אויפגאַבע פון אונ־

זער טאָג, אָט וואָס עס איז די אויפגאַבע פון אונזער עפּאָכע.
דערלויבט מיר צו פאַרענדיקן מיט אויסדריקן די זיכערקייט, אַז
ווי שווער ס'איז ניט די דאָזיקע אויפגאַבע, ווי נײַ זי איז ניט אין
פאַרגלײַך מיט דער פריערדיקער אויפגאַבע אונזערער, און וויפל
שוועריקייטן זי זאָל אונז ניט פאַרשאַפן, וועלן מיר אַלע צוזאַמען,
און ניט מאָרגן, נאָר אין עטלעכע יאָר, וועלן מיר אַלע צוזאַמען
די דאָזיקע אויפגאַבע לייזן אום וואָס פאַר אַ פרײַז עס זאָל ניט
זײַן, אַזוי אַז פונם נעפּישן רוסלאַנד וועט זײַן אַ סאָציאַליסטיש
רוסלאַנד" (זע ב. XVIII ט. II ז. 108).

ווי זאָל מען צונויפפּאַסן די דאָזיקע „פערמאַנענטע" פינסטערניש
אָן אַ שימער ליכט, אַ שטײַגער, מיט אַזוינע ווערטער לענינס:

„בעעמעס, די מאַכט פון דער מעלוכע אַף אַלע גרויסע פּראָ־
דוציר־מיטלען, די מאַכט פון דער מעלוכע אין די הענט פונם פּראָ־
לעטאַריאַט, דער בונד פון דעם דאָזיקן פּראָלעטאַריאַט מיט די
פילע מיליאָנען קליינע און קלענסטע פויערים, דאָס באַוואָרענען
פאַר דעם דאָזיקן פּראָלעטאַריאַט די אָנפירונג בענויגייע דעם פּוי־
ערטום א. א. וו. — צי דען איז דאָס ניט אַלץ, וואָס עס איז נויטיק
דערויף, אַז פון דער קאָאָפּעראַציע, בלויז פון איין קאָאָפּעראַציע, וועל־
כע מיר האָבן פריער טרעטירט, ווי אַ הענדלערשע, און וועלכע
נאָך איצט באַם נעפּ האָבן מיר פון אַ געוויסער זײַט דאָס רעכט
צו טרעטירן פונקט אַזוי, צי איז דאָס ניט אַלץ, וואָס ס'איז נוי־
טיק אַף אויפצובויען אַ פולע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט? דאָס
איז נאָך ניט קיין אויפבויאונג פון דער סאָציאַליסטישער געזעל־
שאַפט, נאָר דאָס איז אַלץ, וואָס איז נויטיק און גענוג פאַר דער־
דאָזיקער אויפבויאונג" (זע „וועגן קאָאָפּעראַציע"" ז. 5).

קלאָר, אַז דאָ איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן קיין שום צונויפגע־
פּאַסטקייט. כ' טראָצקים „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע" איז אַן אָפּלייקע־
נונג פון דער לענינשער טעאָריע פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, און
פאַרקערט — די לענינשע טעאָריע פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע
איז אַן אָפּלייקענונג פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע".

אַ ניטגלויבן אין די קויכעס און פעאיקייטן פון אונזער רעוואָלו־
ציע, אַ ניטגלויבן אין די קויכעס און פעאיקייטן פונם רוסלענדישן
פּראָלעטאַריאַט — אָט דאָס איז דער אונטערבאָדן פון דער טעאָריע פון
„פּערמאַנענטער רעוואָלוציע".

ביז איצט פֿלעגט מען געוויינלעך פֿאַרצייכענען איין זייט פֿון דער טעאָריע פֿון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" — דעם ניטגלויבן אין די רעוואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן פֿון דער פּויער׳שער באַוועגונג. איצט, פֿון יוישער וועגן, מוז מען צו דערדאָזיקער זייט צוגעבן נאָך אַ צווייטע — דעם ניטגלויבן אין די קויכעס און מעאיקייטן פֿונם פּראָלעטאַריאַט פֿון רוסלאַנד.

מיט וואָס אונטערשיידט זיך כ׳ טראָצקיס טעאָריע פֿון דער געוויינלעכער טעאָריע פֿונם מענשעוויזם וועגן דעם, אַז דער ניצאָכן פֿונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, און דערצו נאָך אין אַן אָפּגעשטאַנענעם, איז ניט מעגלעך אָן דעם פּאָרויסיקן ניצאָכן פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע „אין די גרונט־לענדער פֿון מאַירעוו־אייראָפּע"?

אין טאָך גענומען — מיט קיין זאַך ניט.

ספּייקעס זיינען אומעגלעך. כ׳ טראָצקיס טעאָריע פֿון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע" איז אַ מין מענשעוויזם.

אין דער לעצטער צייט האָבן זיך אין אונזער פּרעסע פֿאַרפּירט פֿוילע דיפּלאָמאַטן, וועלכע באַמיען זיך אַדורכשלעפּן די טעאָריע פֿון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע", ווי עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן צונויפּגעפּאָרט ווערן מיטן לעניניזם. אוואדע, זאָגן זיי, האָט זיך די דאָזיקע טעאָריע אַרויסגעוויזן פּאַר ניט טויגבאַר אין 1905 יאָר. אָבער כ׳ טראָצקיס פֿעלער באַשטייט דערין, וואָס ער איז דעמאָלט פֿאַרלאָפֿן פֿאָרויס, פּרואוונדיק זיך צופּאַסן צו די אומשטענדן פֿון 1905 יאָר דאָס, וואָס מע האָט דעמאָלט ניט געקאָנט צופּאַסן. אָבער דערנאָך, זאָגן זיי, אַ שטייגער, אין אָקטיאַבער פֿון 1917 יאָר, ווען די רעוואָלוציע האָט באַוויזן פֿולקום צייטיק צו ווערן, האָט זיך, הייסט עס, כ׳ טראָצקיס טעאָריע אַרויסגעוויזן פֿולקום אָפּן פּלאַץ. עס איז ניט שווער צו טרעפֿן, אַז דער הויפּטלעכער פֿון דידאָזיקע דיפּלאָמאַטן איז דער כ׳ ראַדעק. עפּשער ווילט איר הערן?

„די מילכאָמע האָט אויסגעגראָבן אַ טהאָם צווישן דעם פּויערטום, וואָס שטרעבט צו דעראָבערן ערד און צו שאָלעם, און די קליינבירגערלעכע פּאַרטייען; די מילכאָמע האָט אָפּגעגעבן דאָס פּויערטום אונטער דער אָנפֿירונג פֿונם אַרבעטער־קלאַס און פֿון זיין אַוואַנגאַרד — דער פּאַרטיי פֿון באָלשעוויקעס. עס איז מעגלעך געוואָרן ניט די דיקטאַטור פֿונם אַרבעטער־קלאַס און

פויערטום, נאָר די דיקטאַטור פונם אַרבעטער־קלאַס, וואָס שפּאַרט זיך אָן אַפן פויערטום. דאָס, וואָס ראָזע לוקסעמבורג און טראָצקי האָבן אין 1905 יאָר אַרויסגערוקט קעגן לענינען (ד. ה. „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע“ י. ס ט.), האָט זיך אינדערעמעסן אַרויסגעוויזן פאַרן צווייטן עטאַפּ פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג“ (זע „פּראַוודאַ“ פון 21 פעווראַל 1924 יאָר, 42 נום.)

דאָ איז וואָס אַ וואָרט — אַ פאַרדרייעניש.

ס'איז ניט ריכטיק, אַז אין דער צייט פון דער מילכאָמע „איז מעגלעך געוואָרן ניט די דיקטאַטור פונם אַרבעטער־קלאַס און פויערטום, נאָר די דיקטאַטור פונם אַרבעטער־קלאַס, וואָס שפּאַרט זיך אָן אַפן פויערטום“. אינדערעמעסן איז די פעוורואַל־רעוואָלוציע פון 1917 יאָר געווען די פאַרווירקלעכונג פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט און פויערטום אין אַן אייגנאַרטיקן איבערפלעכט מיט דער דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע.

עס איז ניט ריכטיק, אַז די טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“, וועגן וועלכער כ' ראַדעק פאַרשווייגט שעמעוודיק, האָבן אַרויסגערוקט אין 1905 יאָר ראָזע לוקסעמבורג און כ' טראָצקי. אינדערעמעסן איז די דאָזיקע טעאָריע אַרויסגערוקט געוואָרן דורך פּאַרוואָוסן און טראָצקין. איצט, אין צען כאַדאָשים אַרום, פאַריכט זיך כ' ראַדעק, האַלטנדיק פאַר נויטיק אַ זידל צו טאָן פּאַרוואָוסן פאַר דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“ (זע זיין אַרטיקל וועגן פּאַרוואָוסן אין „פּראַווּדאַ“). אָבער די גערעכטיקייט פאָדערט פון כ' ראַדעק, אַז עס זאָל אויסגעזידלט ווערן אויך פּאַרוואָוסעס קאָמפּאַניאָן — כ' טראָצקי.

עס איז ניט ריכטיק, אַז די „פּערמאַנענטע רעוואָלוציע“, וואָס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק אַפן צווייטן עטאַפּ פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג“, ד. ה. אין דער צייט פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. דער גאַנצער גאַנג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, איר גאַנצע אַנטוויקלונג האָבן באַוויזן און דערוויזן דעם פולקומען באַנקראָט פון דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“, איר פולקום ניט צונויפפאָרן זיך מיט די יעסוידעס פון לענינייזם.

מיט זיסינקע ריידעלעך און מיט פוילער דיפּלאָמאַטיע קאָן מען ניט פאַרדעקן דעם אָפענעם טהאָם, וואָס ליגט צווישן דער טעאָריע פון „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע“ און דעם לענינייזם.

## 3. וועגן אייניקע באַזונדערהייטן פון דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס אינם צוגרייטונגס־פּעריאָד פון אָקטיאַבר.

קעדיי צו פאַרשטיין די טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס פאַרן צוגרייטונגס־פּעריאָד פון אָקטיאַבר, מוז מען זיך קלאָר מאַכן לעכאָלאַפּאַבעם אייניקע באַזונדערס וויכטיקע באַזונדערהייטן פון דערדאָזיקער טאַקטיק. דאָס איז נאָך נויטיקער דערפאַר, ווייל אין די פילצאָליקע בראָשורן וועגן דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס ווערן גיט זעלטן פאַרשוויגן גראָד דידאָזיקע באַזונדערהייטן.

וואָס זיינען עס פאַר באַזונדערהייטן?

די ערשטע באַזונדערהייט. מע זאָל זיך צוהערן צום כ׳ טראָצקי, קאָן מען מיינען, אַז אין דער צוגרייטונגס־געשיכטע פון אָקטיאַבר עקזיסטירן אינגאַנצן צוויי פּעריאָדן, דער פּעריאָד פון אויסשפּירן און דער פּעריאָד פון אויפשטאַנד, און אַלע, וואָס אַכוץ דעם, — איז פונם „ניט גוטן“. וואָס איז אַזוינס די אַפּריל־מאַניפעסטאַציע פון 1917 יאָר? „די אַפּריל־מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט גענומען „לינקער“, ווי ס׳איז נויטיק געווען, איז געווען אַן אויסשפּירונגס־ארויסטריט אַף צו רעווידירן די שטימונגען פון די מאַסן און די קעגנווייטיקע פאַרהעלטענישן צווישן זיי און דער סאָוועטישער מערהייט“ (זע ב. III ט. I פון כ׳ טראָצקיס ווערק, ז. XXVII). און וואָס איז אַזוינס די יולי־דעמאָנסטראַציע פון 1917 יאָר? לויט דער מיינונג פון כ׳ טראָצקי, „איז די זאַך אויך דאָס מאָל דערגאַנגען צו אַ גייער ברייטערער אויסשפּירונג, אַף אַ נייעם העכערן עטאַפּ פון דער באַוועגונג“ (זע דאָרט, ז. XXXII). שוין ניט שאַיעך צו ריידן, אַז די יוני־דעמאָנסטראַציע פון 1917 יאָר, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לויט דער פאָדערונג פון אונזער פּאַרטיי, דאַרף נאָך גיכער לויט כ׳ טראָצקיס פאַרשטעלונג אָנגערופן ווערן „אויסשפּירונג“.

עס קומט אויס, אַזוי אַרום אַז בא די באָלשעוויקעס איז שוין אין מאַרט פון 1917 יאָר געווען אַ גרייטע פּאָליטישע אַרמיי פון אַרבעטער און פּויערים, און אויב זיי האָבן זי ניט געלאָזן אין גאַנג פאַר אַן אויפשטאַנד ניט אין אַפּריל, ניט אין יוני, ניט אין יולי, נאָר זיי האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט „אויסשפּירן“, איז עס דערפאַר, און נאָר דערפאַר, ווייל די „אָנגאַבן פון דער אויסשפּירונג“ האָבן דעמאָלט ניט געגעבן קיין גינסטיקע „באַווייזן“.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז די דידאַקטיק פאַרייניפאַכטע פאָרשטעלונג וועגן דער פּאָליטישער טאַקטיק פון אונזער פּאַרטיי איז ניט מער, ווי א צונויפמישונג פון דער געוויינלעכער מיליטערישער טאַקטיק מיט דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס.

אינדערעמעסן זיינען דידאַקטיק אַלע דעמאָנסטראַציעס געווען פריער פאַר אַלץ א רעזולטאַט פונם סטיכישן אָנגריף פון די מאַסן, א רעזולטאַט פון דער אויפרעגונג פון די מאַסן קעגן מילכאָמע, וואָס האָט זיך געריסן אַף דער גאַס־אַרויס.

אינדערעמעסן איז די ראָלע פון דער פּאַרטיי דאָ באַשטאַנען אין אויספורעמען און אָנפירן מיט די סטיכיש אַנטשטאַנענע אַרויסטרע־טונגען פון די מאַסן לויט דער ליניע פון די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען פון די באָלשעוויקעס.

אינדערעמעסן איז בא די באָלשעוויקעס ניט געווען און ס'האָט ניט געקאָנט זיין אין מאַרט פון 1917 יאָר קיין פּאַרטיקע פּאָליטישע אַרמיי. די באָלשעוויקעס האָבן בלויז געהאַלטן אין שאַפן אַזא אַרמיי (און האָבן זי, ענדלעך, באַשאַפן צו אָקטיאַבער 1917 יאָר) אינם גאַנג פונם קאַמף און פון די קלאַסן־צוזאַמענשטויסן פון אַפּריל ביז אָקטיאַבער פון 1917 יאָר, זיי האָבן זי געשאַפן סאַי דורך דער אַפּריל־מאַניפעסטאַציע, סאַי דורך דער יוני־און יולי־דעמאָנסטראַציעס, סאַי דורך די וואַלן אין די ראַיאָנע און אַלשטאָטישע דומעס, סאַי דורכן קאַמף מיט דער קאָרני־לאָוויאַדע, סאַי דורך דער דעראָבערונג פון די ראַטן. א פּאָליטישע אַרמיי איז ניט ווי א מיליטערישע. אויב די מיליטערישע קאָמאַנדי־רונג טרעט צו צו א מילכאָמע, האָבנדיק אין די הענט שוין א פאַרטיקע אַרמיי, איז דער פּאַרטיי קומט אויס צו שאַפן איר אַרמיי אינם גאַנג פונם קאַמף גופע, אינם גאַנג פון די קלאַסן־צוזאַמענשטויסן, אַף אַזוי פיל, אַף וויפל די מאַסן אַליין איבערצייגן זיך אַף זייער אייגענער דער־פאַרונג אין דער ריכטיקייט פון די לאָזונגען פון דער פּאַרטיי, אין דער ריכטיקייט פון איר פּאָליטיק.

געוויס האָט יעדע אַזא דעמאָנסטראַציע געגעבן צוזאַמען דערמיט א געוויסע באַלייכטונג פון די קויכעס־פאַרהעלטענישן, וואָס זיינען פאַרהוילן פון די אויגן, א געוויסע אויסשפּירונג, אָבער די אויסשפּירונג איז דאָ געווען ניט דער מאָטיוו פון דער דעמאָנסטראַציע, נאָר אירער א נאַטירלעכער רעזולטאַט.

אנאליזירנדיק די געשעענישן פאר דעם אויפשטאנד אין אקטיאבר און פארגלייכנדיק זיי מיט די געשעענישן אין אפריל—יוני, זאגט לענין:

„די זאך האלט גראד ניט אזוי, ווי פארן 20—21 אפריל, 9 יוני, 3 יולי, ווייל דעמאלט איז געווען א סטיכישע אויפרעגונג, וועלכע מיר, אלס פארטיי, האבן אדער ניט אויפגעכאפט (20 אפריל), אדער איינגעהאלטן און אויסגעפורעמט אין א פרידלעכע דעמאנסטראציע (9 יוני און 3 יולי). ווייל מיר האבן גוט געוואוסט דעמאלט, אז די ראטן זיינען נאך ניט אונזערע, אז די פויערים גלויבן נאך אינם ליבערדאניש־טשערנאווישן וועג, און ניט אינם באלשעוויסטישן וועג (אויפשטאנד), אז הינטער אונז, אלזא, קאן קיין מערהייט פון פאלק ניט זיין, אז אן אויפשטאנד איז, אלזא, פריצייטיק" (זע ב. XIV ט. 2, ז. 284).

קלאר, אז בלויז אף איין „אויסשפירונג" קאן מען ניט ווייט פארפארן.

די זאך באשטייט, ווארשיינלעך, ניט אין דער „אויסשפירונג", נאר אין דעם, וואס:

1) די פארטיי האט פארן גאנצן צוגרייטונגס־פעריאד פון אקטיאבר קעסיידער זיך אנגעשפארט אין איר קאמף אפן סטיכישן אויפשטייג פון דער רעוואלוציאנערער מאסן־באוועגונג;

2) אנשפארנדיק זיך אפן סטיכישן אויפשטייג, האט זי פארהיט פאר זיך די אומצעטיילבארע אנפירונג מיט דער באוועגונג;

3) אזא אנפירונג מיט דער באוועגונג האט פאר איר פארלייכטערט די זאך פון פארמירן א פאליטישע מאסן־ארמיי פארן אקטיאבער־אויפשטאנד;

4) אזא פאליטיק האט ניט געקאנט ניט ברענגען דערצו, אז די גאנצע צוגרייטונג פון אקטיאבר זאל דורכגיין אונטער דער אנפירונג פון איין פארטיי, פון דער פארטיי פון די באלשעוויקעס;

5) אזא צוגרייטונג פון אקטיאבר האט פון איר זייט געבראכט דערצו, אז אין רעזולטאט פונם אקטיאבער־אויפשטאנד האט זיך די מאכט ארויסגעוויזן אין די הענט פון איין פארטיי, פון דער פארטיי פון די באלשעוויקעס.

אלזא, די אומצעטיילבארע אנפירונג פון איין פארטיי, פון דער

פּאַרטיי פון די קאָמוניסטן, אַלס גרונט־מאָמענט פון דער צוגרייטונג פון אָקטיאַבר, — אָט דאָס איז דער גרונט־שטריך פון דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע, אָט דאָס איז די ערשטע באַזונדערהייט פון דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס אינם צוגרייטונגס־פּעריאָד פון אָקטיאַבר.

איך מיין, ס'איז איבעריק צו דערווייזן, אַז אָן דערדאָזיקער באַזונדערהייט פון דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס וואָלט דער ניצאָכן פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אין די באַדינגונגען פון אימפּעריאַליזם געווען אוממעגלעך.

דערמיט אונטערשיידט זיך צום גונסטן די אָקטיאַבר־רעוואָלוציע פון דער רעוואָלוציע פונם 1871 יאָר אין פראַנקרייך, וואו די אָנפירונג מיט דער רעוואָלוציע האָבן צווישן זיך געטיילט צוויי פּאַרטייען, וואָס קיין איינע פון זיי קאָן ניט אָנגערופן ווערן קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

די צווייטע באַזונדערהייט. די צוגרייטונג פון דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע איז אַזוי אַרום דורכגעגאַנגען אונטער דער אָנפירונג פון איין פּאַרטיי, פון דער פּאַרטיי פון באָלשעוויקעס. ווי אַזוי האָט אָבער די פּאַרטיי געריכטעט דידאָזיקע אָנפירונג, לויט וועלכער ליניע איז זי דורכגעגאַנגען? דידאָזיקע אָנפירונג איז דורכגעגאַנגען לויט דער ליניע פון איזאָלירן די פּשאָרעמאַכערשע פּאַרטייען, אַלס אַמערסטן געפערלעכע גרופּירונגען אינם אָנטשיידונגס־פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע, לויט דער ליניע פון איזאָלירן די עסערן און מענשעוויקעס.

אין וואָס באַשטייט דער איקערדיקער סטראַטעגישער קלאַל פונם לענינִיזם?

ער באַשטייט אין דער אָנערקענונג פון דעם, אַז:

1) דער אַמערסטן געפערלעכער סאָציאַלער שטיצפּונקט פון די סאָנים פון דער רעוואָלוציע אינם פּעריאָד, ווען עס דערנעענטערט זיך דער רעוואָלוציאָנערער פינאַל, זיינען די פּשאָרעמאַכערשע פּאַרטייען;

2) אַראָפּוואַרפן דעם סוינע (דעם צאַריזם אָדער די בורזשואַזיע) איז אוממעגלעך אָן דער איזאָלירונג פון דידאָזיקע פּאַרטייען;

3) די הויפּט־פייַלן דאַרפן דעריבער אינם צוגרייטונגס־פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע געווענדעט ווערן אויף צו איזאָלירן דידאָזיקע פּאַרטייען, אויף אָפּצורייסן פון זיי די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע.

אינם פּעריאָד פון קאַמף מיטן צאַריזם, אינם פּעריאָד פון צוגרייטן די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע (1905—1916) איז דער גע־פערלעכסטער סאָציאַלער שטיצפּונקט פונם צאַריזם געווען די ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישע פּאַרטיי, די פּאַרטיי פון די קאַדעטן. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל זי איז געווען אַ פּשאָרעמאַכערשע פּאַרטיי, אַ פּאַרטיי פון פּ ש אָ ר ע צווישן דעם צאַריזם און דער מערהייט פון פאָלק, ד. ה. דעם פּויערטום אינגאַנצן גענומען. נאַטירלעך, אַז די פּאַרטיי האָט דאַן אָנגעווענדעט די הויפּט־קלעפּ קעגן די קאַדעטן, ווייל ניט האָבנדיק איזאָלירט די קאַדעטן, האָט מען ניט געקאָנט אויסרעכענען אַף אַן איינרייס צווישן דעם פּויערטום מיטן צאַריזם, ניט האָבנדיק ווידער באַוואָרנט דעמדאָזיקן איינרייס, — האָט מען ניט געקאָנט אויסרעכענען אַף אַ ניצאָכן פון דער רעוואָלוציע. פילע האָבן דעמאָלט ניט פאַרשטאַ־נען דידאָזיקע באַזונדערהייט פון דער באָלשעוויסטישער סטראַטעגיע און האָבן באַשולדיקט די באָלשעוויקעס אין איבערגעטריבענער „קאַ־דעטן־פרעסעריי“, טאַינענדיק, אַז דער קאַמף מיט די קאַדעטן „פאַר־שטעלט“ בא די באָלשעוויקעס דעם קאַמף מיטן הויפּט־סוינע — מיטן צאַריזם. אָבער אַלס באַרגלאָזע האָבן דידאָזיקע באַשולדיקונגען בלויז אויפגעדעקט דאָס איינפּאַכע ניט פאַרשטיין די באָלשעוויסטישע סטראַ־טעגיע, וועלכע פאָדערט, אַז מע זאָל איזאָלירן די פּשאָרעמאַכערשע פּאַרטיי צוליב דער פאַרלייכטערונג, דערנעענטערונג פונם ניצאָכן איבערן הויפּט־סוינע.

אָסער אויב מע דאַרף דערווייזן, אַז אָן אַזאַ סטראַטעגיע וואָלט די העגעמאָניע פונם פּראָלעטאַריאַט אין דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע געווען אומעגלעך.

אינם פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבער איז דער שווערפּונקט פון די קעמפנדיקע קויכעס אַריבער אַף אַ נייער פלאַך. עס איז געוואָרן אויס צאַר. די פּאַרטיי פון די קאַדעטן איז פון פּשאָרעמאַכערשער קראַפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעגירנדע קראַפט, אין דער הער־שנדיקער קראַפט פון אימפּעריאַליזם. דער קאַמף איז געגאַנגען שוין ניט צווישן דעם צאַריזם און דעם פאָלק, נאָר צווישן דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. אין דעמדאָזיקן פּעריאָד איז דער סאַמע געפערלעכער סאָציאַלער אָנשפּאַר פונם סוינע געווען די קליינבירגער־לעכע פּאַרטייען, די פּאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס. פאַר־

וואָס? דערפאַר, ווייל דידאָזיקע פאַרטייען זיינען דעמאָלט געווען די פשאָרעמאַכערשע, די פאַרטייען פון פ ש אָ ר ע צווישן דעם אימפעריאַליזם און די אַרבעטנדיקע מאַסן. נאַטירלעך, אַז די הויפט־קלעפ פון די באָלשעוויקעס זיינען געווענדעט געווען דעמאָלט קעגן דידאָזיקע פאַרטייען, ווייל אָן דער איזאָלירונג פון דידאָזיקע פאַרטייען האָט מען ניט געקאָנט אויסרעכענען אַף אַן איינרייס פון די ארבעטנדיקע מאַסן מיטן אימפעריאַליזם, און ניט האָבנדיק באַוואָרנט דעמדאָזיקן איינרייס, — האָט מען ניט געקאָנט אויסרעכענען אַף קיין ניצאָכן פון דער סאָוועטישער רעוואָלוציע. פילע האָבן דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען דידאָזיקע באַזונדערהייט פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק, באַשולדיקנדיק די באָלשעוויקעס אין „איבערגעטריבענעם האס" צו די עסערן און מענשעוויקעס און אין „פארגעסן" זייער הויפט־ציל. אָבער דער גאַנצער פעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאבער רעדט דייטלעך וועגן דעם, אַז נאָר דורך אַזאַ טאַקטיק האָבן די באָלשעוויקעס געקאָנט זיכערן דעם ניצאָכן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעמדאָזיקן פעריאָד איז די ווייטערדיקע רעוואָלוציאָניזירונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פויערטום, זייער אַנטוישונג אין די עסערן און מענשעוויקעס, זייער אָפגאַנג פון דידאָזיקע פארטייען, זייער קער אין דער זייט פון דירעקטער באהעפטונג אַרום דעם פראָלעטאַריאַט אַלס איינציקן, ביז צום סאָף רעוואָלוציאָנערן קויעך, וואָס איז פעאיק צו ברענגען דאָס לאַנד צום שאָלעם. די געשיכטע פון דעמדאָזיקן פעריאָד איז אַ געשיכטע פון קאַמף פון די עסערן און מענשעוויקעס, פון איין זייט, און פון די באָלשעוויקעס, פון דער אַנדערער זייט, פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן פויערטום, פאַר באַהערשן דידאָזיקע מאַסן. דעם גורל פון דעמדאָזיקן קאַמף האָבן געלייזט דער קאָאַליציע־פעריאָד, דער פעריאָד פון קערענסקיאַדע, דער אָפזאָג פון די עסערן און מענשעוויקעס צו קאָנפיסקירן די פריצישע ערד, דער קאַמף פון די עסערן און מענשעוויקעס פאַר פאָרזעצן די מילכאָמע, דער יולי־אָנגריף אַפן פראָנט, די טויט־שטראָף פאַר סאָלדאַטן, דער קאָרנילאָווישער אויפשטאַנד. און געלייזט האָבן זיי דעמדאָזיקן גורל אויסשליסלעך לעטויוועם דער באָלשעוויסטישער סטראַטעגיע. ווייל אָן דער איזאָלאַציע פון די עסערן און מענשעוויקעס וואָלט אומעגלעך געווען אַראָפצואוואַרפן די רעגירונג פון די אימפעריאַליסטן, און ניט אַראָפוואַרפנדיק דידאָזיקע רעגירונג, איז אומעגלעך געווען ארויסצוגיין פון

דער מילכאָמע. די פּאָליטיק פון איזאָלירן די עסערן און מענשעוויקעס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר דער איינציק ריכטיקער פּאָליטיק.

אַלזאָ, דאָס איזאָלירן די פּאַרטייען פון די עסערן און מענשעוויקעס אַלס גרונט־ליניע פון דער אָנפירונג מיט דער זאַך פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבר, — אָט דאָס איז די צווייטע באַזונדערהייט פון דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס.

אָסער אויב מע דאַרף דערוויזן, אַז אָן דער־דריטער באַזונדערהייט פון דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס וואָלט דער בונד פונם אַרבעטער־קלאַס מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פויערטום געבליבן הענגען אין דער לופטן.

כאַראַקטעריסטיש, אַז וועגן דער־דריטער באַזונדערהייט פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק זאָגט כ' טראָצקי גאָרניט, אָדער קימאַט ווי גאָרניט, אין זיינע „לעקציעס פון אָקטיאַבר".

די דריטע באַזונדערהייט, די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי מיט דער זאַך פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבר איז אַזוי אַרום דורכגעגאַנגען לויט דער ליניע פון איזאָלירן די פּאַרטייען עסערן און מענשעוויקעס, לויט דער ליניע פון אָפּרייסן פון זיי די ברייטע מאַסן אַרבעטער און פויערים. ווי איז אָבער פאַרווירקלעכט געוואָרן דורך דער פּאַרטיי די־דאָזיקע איזאָלירונג קאָנקרעט, אין וועלכער פאָרם, אונטער וואָס פאַר אַ לאָזונג? זי איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג פון די מאַסן פאַר דער מאַכט פון די ראַטן אונטערן לאָזונג „די גאַנצע מאַכט די ראַטן", דורך קאַמף פאַר פאַרוואַנדלען די ראַטן פון אָרגאַנען, וואָס מאָביליזירן די מאַסן, אין אויפשטאַנד־אָרגאַנען, אין אָרגאַנען פון מאַכט, אין אַן אַפּאַראַט פון דער נייער פּראָלעטאַרי־שער מעלוכישקייט.

פאַרוואָס האָבן זיך די באָלשעוויקעס אָנגעכאַפּט גראַד פאַר די ראַטן, ווי פאַרן אָרגאַניזאַציאָנעלן גרונט־הויבער, וועלכער קאָן פאַרלייכטערן די זאַך פון איזאָלירן די מענשעוויקעס און עסערן, וועלכער איז מעסוגל אַ רוק צו טאָן פאָרויס די זאַך פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און וועלכער איז באַרופן צוצופירן די מיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע צום ניצאָכן פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט?

„די ראַטן, — האָט געזאָגט לענין נאָך אין סענטיאַבר פון 1917 יאָר, — זיינען אַ נייער מעלוכישער אַפּאַראַט, וועלכער גיט,

ערשטנס, באַוואָפֿנטע קראַפֿט פֿון די אַרבעטער און פּויערים, דערבײַ איז דידאָזיקע קראַפֿט ניט אָפּגעריסן פֿונם פֿאָלק, ווי די קראַפֿט פֿון דער אַלטער שטענדיקער אַרמײַ, נאָר זי איז אָפֿן ענגסטן אויפֿן מיט אים צונויפֿגעבונדן; אין מיליטערישער הינזיכט איז דידאָזיקע קראַפֿט אָן אַן ערעך אַ מער מעכטיקע, ווי די פֿריערדיקע; אין רעוואָלוציאָנערער הינזיכט איז זי ניט צו פֿאַרבײַטן מיט קיין שום אַנדערער. צווייטנס, גיט דערדאָזיקער אַפּאַראַט פֿאַרבינדונג מיט די מאַסן, מיט דער מערהייט פֿאָלק, אַזאַ ענגע, אומצערײַסבאַרע, אַזאַ לײַכטע צום דורכפּרובירן און באַנײַען, אַז פֿון עפּעס ענלעכס איז אינעם פֿריערדיקן מעלוכישן אַפּאַראַט אַפֿילע קיין סימען ניטאָ. דריטנס, איז צוליב דער אויסגעוויילטקייט פֿון זײַן באַשטאַנד, צוליב דעם, וואָס ער קאָן אומגעביטן ווערן לויטן ווילן פֿון פֿאָלק, אָן ביוראָקראַטישע פֿאָרמאַליטעטן, איז דערדאָזיקער אַפּאַראַט אַסאַך מער אַ דעמאָקראַטישער, ווי די פֿריערדיקע אַפּאַראַטן. פֿערטנס, גיט ער אַ פֿעסטע פֿאַרבינדונג מיט די פֿאַרשיידנסטע פּראָפֿעסיעס, פֿאַרלײַכטערנדיק דערמיט די פֿאַרשיידנסטע רעפֿאָרמען פֿון סאַמע טיפֿסטן כאַראַקטער אָן ביוראָקראַטיע. פֿינפֿטנס, גיט ער די פֿאָרם פֿון אָרגאַניזירן דעם אַוואַנגאַרד, ד. ה. דעם סאַמע באַוואוסטזיניקן, סאַמע ענערגישן, פֿאָרגעשריטענעם טייל פֿון די אונטערדריקטע קלאַסן, פֿון די אַרבעטער און פּויערים, זײַענדיק אַזוי אַרום אַן אַפּאַראַט, וואָס מיט זײַן הילף קאָן דער אַוואַנגאַרד פֿון די אונטערדריקטע קלאַסן אויפֿהייבן, דערציען, לערנען און פֿירן נאָך זיך די גאַנצע ריזיקע מאַסע פֿון דידאָזיקע קלאַסן, וועלכע איז ביז איצט געשטאַנען אינגאַנצן אויסערן פּאָליטישן לעבן, אויסער דער געשיכטע. זעקסטנס, גיט ער די מעגלעכקייט צו פֿאַרייניקן די מאַילעס פֿון פּאַרלאַמענטאַריזם מיט די מאַילעס פֿון אומיטלבאַרער און דירעקטער דעמאָקראַטיע, ד. ה. צו פֿאַרייניקן אין דער פּערזאָן פֿון די אויסגעוויילטע פֿאָרשטייער פֿון פֿאָלק אי די געזעצגעבערישע פֿונקציע אי די אויספֿירונג פֿון די געזעצן. אין פֿאַרגלײַך מיטן בורזשואַזן פּאַרלאַמענטאַריזם איז עס אַזאַ שריט פֿאָרויס אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט אַן אַלוועלטלעך־היסטאָרישע באַדײַטונג...

ווען די פֿאָלק־שאַפֿונג פֿון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן וואָלט ניט געשאַפֿן די ראַטן, וואָלט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין רוס־

לאַנד געווען אַ האָפענונגסלאָזע זאַך, ווייל מיטן אַלטן אַפּאַראַט וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט, אָן ספֿק, ניט געקאָנט איינהאַלטן די מאַכט, און אַ נייעם אַפּאַראַט מיטאַמאָל באַשאַפֿן קאָן מען ניט" (זע „צי וועלן די באָלשעוויקעס איינהאַלטן די מאַכט?" באַנד XIV ט. 2, ז. ז. 228—230).

אָט פאַרוואָס די באָלשעוויקעס האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר די ראַטן, ווי פאַרן איקערדיקן אָרגאַניזאַציאָנעלן רינג, וואָס קאָן פאַרלייכטערן די אָרגאַניזירונג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע און די באַוואָפענונג פון אַ נייעם מעכטיקן אַפּאַראַט פון פּראָלעטאַרישער מעלוכישקייט.

דער לאָזונג „די גאַנצע מאַכט די ראַטן" איז פון שטאַנדפּונקט פון זיין אינערלעכער אַנטוויקלונג דורכגעגאַנגען צוויי סטאַדיעס: די ערשטע (ביז דער יוני־מאַפּאָלע פון די באָלשעוויקעס, בעשאַס דער צווייטן־מאַכט) און די צווייטע (נאָך דער מאַפּאָלע פון קאָרנילאָווישן אויפֿשטאַנד).

אַף דער ערשטער סטאַדיע האָט דערדאָזיקער לאָזונג באַטייט אַן איינרייס מיצאַד דעם בלאָק פון די מענשעוויקעס און עסערן מיט די קאַדעטן, די אויסבילדונג פון אַ ראַטן־רעגירונג פון די מענשעוויקעס און עסערן (ווייל די ראַטן זיינען דעמאָלט געווען עסעריש־מענשעוויסטישע), רעכט פון פרייער אַגיטאַציע פאַר דער אָפּאָזיציע (ד. ה. פאַר די באָלשעוויקעס) און פרייען קאַמף פון די פּאַרטייען אין די ראַטן, מיט דער אויסרעכענונג, אַז דורך אַזאַ קאַמף וועט זיך די באָלשעוויקעס איינגעבן צו געווינען די ראַטן און ענדערן דעם באַשטאַנד פון דער ראַטן־רעגירונג דורך אַ פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע. דערדאָזיקער פּלאַן האָט, פאַרשטייט זיך, ניט באַטייט קיין דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. ער האָט אָבער אָן ספֿק פאַרלייכטערט די צוגרייטונג פון די באַדינגונגען, וועלכע זיינען נויטיק אַף צו זיכערן די דיקטאַטור, ווייל שטעלנדיק בא דער מאַכט די מענשעוויקעס און עסערן און צווינגענדיק זיי דורכצופירן פּאַקטיש זייער אַנטירעוואָלוציאָנערע פּלאַטפאָרם, וואָלט ער פאַרגיכערט דאָס דעמאַסקירן דעם עמעסן מעהוס פון דידאָזיקע פּאַרטייען, וואָלט פאַרגיכערט זייער איזאָלירונג, זייער אָפּרייס פון די מאַסן. די יולי־מאַפּאָלע פון די באָלשעוויקעס האָט אָבער איבערגעריסן דידאָזיקע אַנטוויקלונג, געבנדיק אַן איבערוויכט דער גענעראַליש־קאַדעטישער קאָנטר־רעוואָלוציע און אָפּוואַרפנדיק די עסערן־מענשעוויקעס

אין אירע אָרעמס. דערדאָזיקער אומשטאַנד האָט געצוואונגען די פּאַרטיי אָרגאַניזאַציעס צייטווייליק פון טאָג־סיידער דעם לאָזונג „די גאַנצע מאַכט די ראַטן", קעדיי דערנאָך ארויסצושטעלן אים אין באַדינגונגען פון אַ נייעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציע.

די מאַפּאָלע פונם קאָרנילאָווישן אויפשטאַנד האָט געעפנט די צווייטע סטאַדיע. דער לאָזונג „די גאַנצע מאַכט די ראַטן" איז ווידער געשטעלט געוואָרן אין טאָג־סיידער. איצט אָבער האָט שוין דערדאָזיקער לאָזונג ניט דעם באַטייט, וואָס אין דער ערשטער סטאַדיע. זיין אינהאַלט האָט זיך אָפּ אַ גרונטלעכן אויפן געענדערט. איצט האָט דערדאָזיקער לאָזונג באַטייט דעם פולן איינרייס מיטן אימפּעריאַליזם און דעם איבער־גאַנג פון דער מאַכט צו די באָלשעוויקעס, ווייל די ראַטן זיינען שוין אין זייער מערהייט געווען באָלשעוויסטישע. איצט האָט דערדאָזיקער לאָזונג באַטייט אַ דירעקטן צוגאַנג פון דער רעוואָלוציע צו דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט דורך אַן אויפשטאַנד. נאָך מער, איצט האָט דערדאָזיקער לאָזונג באַטייט די אָרגאַניזירונג און מעלוכישע אויספאָרמירונג פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

די אומשאַצבאַרע באַטייטונג פון דער טאַקטיק פון פאַרוואַנדלען די ראַטן אין אָרגאַנען פון דער מעלוכישער מאַכט איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט אָפּגעריסן די מיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע פונם אימפּע־ריאַליזם, האָט אַראָפּגעריסן דעם אָרעאָל בא די מענשעוויקעס און עסערן אַלס געצייג פונם אימפּעריאַליזם, און האָט צוגעפירט דידאָזיקע מאַסן, אַזוי צו זאָגן, מיט אַ דירעקטן וועג צו דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַ־ריאַט.

אַלזאָ, די פּאָליטיק פון פאַרוואַנדלען די ראַטן אין אָרגאַנען פון מע־לוכישער מאַכט, אַלס וויכטיקסטער טנאי פון איזאָלירן די פּשאָרעמאַ־כערישע פּאַרטייען און פונם ניצאָכן פון דער דיקטאַטור פונם פּראָלע־טאַריאַט, — אָט דאָס איז די דריטע באַזונדערהייט פון דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס אינם פּעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבער.

די פערטע באַזונדערהייט. דאָס בילד וואָלט געווען ניט קיין פולס, ווען מיר וואָלטן זיך ניט פאַרנומען מיט דער פראַגע, ווי אַזוי און פאַרוואָס פלעגט זיך בא די באָלשעוויקעס איינגעבן צו פאַרוואַנדלען זייערע פּאַרטייאישע לאָזונגען אין לאָזונגען פאַר מיליאָנען מאַסן, וואָס רוקן פאָרויס די רעוואָלוציע, ווי אַזוי און פאַרוואָס פלעגט אויך זיי איינ־

געבן צו איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון זייער פּאָליטיק ניט נאָר דעם אוואנגארד, און ניט נאָר די מערהייט פונם ארבעטער־קלאס, נאָר אויך די מערהייט פון פאָלק.

די זאך באשטייט דעריין, וואָס פארן ניצאָכן פון דער רעוואָלוציע, אויב דאָס איז בעעמעס א פאָלקס־רעוואָלוציע, אזא, וואָס כאפּט ארום מיליאָניקע מאסן, — איז ניט גענוג בלויז די ריכטיקייט פון די פּארטיי־אישע לאָזונגען. פארן ניצאָכן פון דער רעוואָלוציע פּאָדערט זיך נאך איין אומבאדינגטער טנאי, דעהאיינו: אז די מאסן אליין זאָלן זיך איבערצייגן אף זייער אייגענער דערפארונג אין דער ריכטיקייט פון דידאָזיקע לאָזונגען. נאָר דאן ווערן די לאָזונגען פון דער פארטיי לאָזונגען פון די מאסן גופע. נאָר דאן ווערט די רעוואָלוציע בעעמעס א פאָלקס־רעוואָלוציע. איינע פון די באזונדערהייטן פון דער טאקטיק פון די באָלשעוויקעס אינם צוגרייטונגס־פעריאָד פון אָקטיאבער באשטייט אין דעם, וואָס זי האָט פארשטאנען ריכטיק צו באשטימען די וועגן און קערן, וועלכע פירן צו אף א נאטירלעכן אויפן די מאסן צו די לאָזונגען פון דער פארטיי, צום סאמע, אזוי צו זאָגן, שוועל פון דער רעוואָלוציע, פארלייכטערנדיק פאר זיי אזוי ארום צו דערפילן, צו דורכפּרובירן, צו דערקענען אף זייער אייגענער דערפארונג די ריכטיקייט פון דידאָזיקע לאָזונגען. אנדערש גערעדט, איינע פון די באזונדערהייטן פון דער טאקטיק פון די באָלשע־וויקעס באשטייט אין דעם, וואָס זי מישט ניט צונויף די אָנפירונג מיט דער פארטיי מיט דער אָנפירונג מיט די מאסן, וואָס זי זעט קלאָר דעם כילעק צווישן דער אָנפירונג פונם ערשטן מין און דער אָנפירונג פונם צווייטן מין, וואָס זי איז, אזוי ארום, א וויסנשאפט ניט נאָר וועגן אָנ־פירן מיט דער פארטיי, נאָר אויך וועגן אָנפירן מיט די מיליאָניקע מאסן ארבעטנדיקע.

אן אנשוילעכער ביישפּיל פון אנטפלעקן דידאָזיקע באזונדערהייטן פון דער באָלשעוויסטישער טאקטיק איז די דערפארונג מיטן צונויפרופן און פאנאנדערטרייבן די גרינדונגס־פארזאמלונג.

עס איז באקאנט, אז די באָלשעוויקעס האָבן ארויסגערוקט דעם לאָזונג פון א ראטן־רעפּובליק נאך אין אפּריל פון 1917 יאָר. ס'איז באַ־קאנט, אז די גרינדונגס־פארזאמלונג איז א בורזשואזער פּארלאמענט, וואָס איז אין טאך סויסער די יעסוידעס פון א ראטן־רעפּובליק. ווי אזוי האָט עס געקאָנט געשעען, וואָס גייענדיק צו א ראטן־רעפּובליק, האָבן

די באָלשעוויקעס צוזאַמען דערמיט געפאָדערט פון דער צייטווייליקער רעגירונג, אַז זי זאָל טייקעף צונויפרופן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג? ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשעען, אַז די באָלשעוויקעס האָבן ניט נאָר אַנטייל גענומען אין די וואַלן, נאָר אַפילע אַליין צוזאַמענגערופן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג? ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשעען, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אַ כּמעט פאַרן אויפשטאַנד, בעשאַס דעם איבערגאַנג פונם אַלטן צום נייעם, געהאַלטן פאַר דערלאַזבאַר די מעגלעכקייט פון אַ קאָמבינאַציע פון אַ ראַטן־רעפּובליק און דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג?

און „געשעען" איז דאָס דערפאַר, ווייל:

1) די אידיי פון אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז געווען איינע פון די פּאָפּולערסטע אידייען צווישן די ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג;

2) דער לאָזונג פון טייקעפדיקן צונויפרופן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט פאַרלייכטערט דאָס דעמאַסקירן דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן מעהוס פון דער צייטווייליקער רעגירונג;

3) קעדיי אין די אויגן פון די פאָלקס־מאַסן אַראָפּצונעמען דעם אָרעאָל פון דער אידיי פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, איז נויטיק געווען צופירן דידאָזיקע מאַסן צו די ווענט פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג מיט זייערע פאָדערונגען וועגן ערד, וועגן שאָלעם, וועגן דער מאַכט פון ראַטן, צונויפשטויסנדיק זיי אַזוי אַרום מיט דערווירקלעכער און לעבעדיקער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג;

4) נאָר אויף אַזאַ אויפן האָט מען געקאָנט לייכטער מאַכן פאַר די מאַסן זיך צו איבערצייגן אויף זייער אייגענער דערפאַרונג אין דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערישקייט פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און אין דער נויטיקייט צו צעטרייבן זי;

5) דאָס אַלץ האָט נאַטירלעך מעכאַיעוו געווען די מעגלעכקייט צוצולאָזן אַ צייטווייליקע קאָמבינאַציע פון אַ ראַטן־רעפּובליק מיט דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, ווי איינס פון די מיטלען צו באַפרייען זיך פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג;

6) אַזאַ קאָמבינאַציע, ווען זי וואָלט פאַרווירקלעכט געוואָרן, בײַ דעם באַדינג, אַז די גאַנצע מאַכט זאָל איבערגיין צו די ראַטן, וואָלט געקאָנט באַטייטן בלויז, אַז די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וואָלט אונטערגע־

וואָרפן געוואָרן די ראַטן, וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צוגאָב צו די ראַטן, וואָלט אָן ווייטיק אָפּגעשטאָרבן.

איך מיין, ס'איז איבעריק צו דערווייזן, אַז אָן אַזאַ פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס וואָלט דאָס פאַנאַנדערטרייבן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג ניט דורכגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק, און די ווייטערדיקע ארויסטרעטונגען פון די עסערן און מענשעוויקעס אונטערן לאָזונג „די גאַנצע מאַכט דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג" וואָלט ניט דורכגעפאַלן מיט אַזאַ טראַסק.

„מיר האָבן אָנטייל גענומען, — זאָגט לענין, — אין די וואַלן אינם רוסלענדישן בורזשואַזן פּאַרלאַמענט, אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין סענטיאַבער—נאָיאַבער פון 1917 יאָר. צי איז ריכטיק געווען אונזער פּאָליטיק אָדער ניין?.. צי האָבן מיר, רוסישע באָל־שעוויקעס, געהאַט אין סענטיאַבער—נאָיאַבער פון 1917 יאָר מער, ווי וועלכע ס'איז מאַירעוודיקע קאָמוניסטן, דאָס רעכט צו האַלטן, אַז אין רוסלאַנד איז דער פּאַרלאַמענטאַריזם פּאָליטיש אויסגע־לעבט? אַוודאי, האָבן מיר געהאַט, ווייל ניט דערין באַשטייט דאָך די זאַך, צי לאַנג אָדער ניט לאַנג עקזיסטירן די בורזשואַזע פּאַרלאַ־מענטן, נאָר דערין, אַף ווי ווייט גרייט (אידייאיש, פּאָליטיש, פּראַקטיש) עס זיינען די ברייטע מאַסן אַרבעטנדיקע אָנצונעמען די ראַטן־אָרדענונג און פאַנאַנדערצוטרייבן אָדער דערלאָזן פאַנאַנ־דערצוטרייבן דעם בורזשואַז־דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט. אַז אין רוסלאַנד איז אין סענטיאַבער—נאָיאַבער פון 1917 יאָר דער אַרבע־טער־קלאַס פון די שטעט, די סאָלדאַטן און די פּויערים צוליב אַ ריי ספּעציעלע באַדינגונגען זעלטן גוט געווען צוגעגרייט אָנצונעמען די ראַטן־אָרדענונג און פאַנאַנדערצוטרייבן דעם סאַמע דעמאָ־קראַטישן בורזשואַזן פּאַרלאַמענט, — דאָס איז אַבסאָלוט אַן אומ־באַשטרייטבאַרער און פולקום פעסטגעשטעלטער היסטאָרישער פאַקט. און דאָך האָבן די באָלשעוויקעס ניט באָיקאָטירט די גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג, נאָר זיי האָבן אָנטייל גענומען אין די וואַלן סיי פאַר, סיי נאָך דעם, ווי דער פּראָלעטאַריאַט האָט געוואונען די פּאָליטישע מאַכט" (זע „די קינדערשע קרענק", ב. XVII ז. 148—149).

איז פאַרוואָס האָבן זיי עס ניט באָיקאָטירט די גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג? דערפאַר, זאָגט לענין, ווייל:

„אפילע מיט עטלעכע וואָכן פאַרן ניצאָכן פון דער ראַטן־רע־פּובליק, אפילע נ אָ ך אַזא ניצאָכן, איז דער אַנטייל אינם בור־זשואַז־דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט ניט ער ברענגט ניט קיין שאָדן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, נאָר ער פאַרלייכטערט פאַר אים די מעגלעכקייט צו דערווייזן די אָפּגעשטאַנענע מאַסן, פאַרוואָס אַזוינע פּאַרלאַמענטן פאַרדינען פאַנאַנדערגע־טריבן צו ווערן, ער פאַרלייכטערט דעם ערפאָלג פון פאַ־נאַנדערטרייבן זיי, ער פאַרלייכטערט דאָס „פּאָליטישע אויסהאַקן" דעם בורזשואַזן פּאַרלאַמענטאַריזם" (זע דאָרט).

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס כ' טראָצקי פאַרשטייט ניט דידאָזיקע באַזונדערהייט פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק, און לאַכט אָפּ פון דער „טעאָריע" פון צונויפפאָרן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג מיט די ראַטן ווי פון הילפערדינגיאַדע.

ער פאַרשטייט ניט, אַז דאָס דערלאָזן אַזא צונויפפאָרונג באַם לאַזונג פון אויפשטאַנד און באַם מעגלעכן ניצאָכן פון די ראַטן, איז די איינציקע רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק, וואָס האָט ניט קיין שום געמיינזאַ־מעם מיט דער הילפערדינגישער טאַקטיק פון פאַרוואַנדלען די ראַטן אין אַ צוגאָב צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, אַז דער טאָעם פון איי ניקע כאַווירים אין דערדאָזיקער פראַגע גיט אים ניט דאָס רעכט צו שימפּן די אַבסאָלוט ריכטיקע פּאָזיציע פון לעגינען און פון דער פּאַר־טיי וועגן „קאָמבינירטע מעלוכישקייט" באַ געוויסע באַדינגונגען (פאַרגלייך ב. XIV ט. 2, ז. 275).

ער פאַרשטייט ניט, אַז אָן דער אייגנאַרטיקער פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס, גענומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גרינדונגס־פאַרזאַמ־לונג, וואָלט זיך זיי ניט איינגעגעבן צו געווינען אויף זייער זייט די מיליאָניקע מאַסן פונם פאָלק, און ניט געווינענדיק דידאָזיקע מאַסן, וואָלטן זיי ניט געקאָנט פאַרוואַנדלען דעם אָקטיאַבער־אויפשטאַנד אין אַ טיפע פאָלקס־רעוואָלוציע.

אינטערעסאַנט איז, אַז כ' טראָצקי לאַכט אפילע פונם וואָרט „פאָלק", „רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע" א. א. וו., וואָס באַגעגענען זיך אין די אַרטיקלען פון די באָלשעוויקעס, האַלטנדיק זיי פאַר ניט אַנ־שטענדיקע פאַר אַ מאַרקסיסט.

כ' טראָצקי פאַרגעסט, ווייזט אויס, אַז לענין, דערדאָזיקער אַנ־

צווייפלדיקער מאַרקסיסט, האָט אַפילו אין סעפּטעמבער פון 1917 יאָר, אַ כווידעש פאַרן ניצאָכן פון דער דיקטאַטור, געשריבן וועגן דער „נויטיקייט פון טייקעפדיקן איבערגאַנג פון דער גאַנצער מאַכט אין די הענט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, בעראָש מיטן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט" (זע ב. XV, ט. I,2, ז. 139).

כ' טראָצקי פאַרגעסט, ווייזט אויס, אַז לענין, דערדאָזיקער אָנצווייפלדיקער מאַרקסיסט, ציטירנדיק דעם באַוואוסטן בריוו פון מאַרקסן צו קוגעלמאַנען (אַפּריל 1871 יאָר) וועגן דעם, אַז דאָס צעברעכן דעם ביוראָקראַטיש-מיליטערישן מעלוכישן אַפּאַראַט איז אַ פאַרויסיקער באַדינג פאַר יעדער ווירקלעכער פ אָ ל ק ס - רעוואָלוציע, אָפן קאָנטינענט, שרייבט שוואַרץ אויף ווייס אַזוינע שורעס:

„באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט די אויסערגעווײנלעך טיפע באַמערקונג פון מאַרקסן, אַז די צעשטערונג פון דער ביוראָקראַטיש-מיליטערישער מעלוכישער מאַשין איז אַ „פאַרויסיקער באַדינג פאַר יעדער ווירקלעכער פ אָ ל ק ס - רעוואָלוציע". דערדאָזיקער באַגריף פון אַ פאָלקס-רעוואָלוציע זעט אויס מעשונע אין די ליפּן פון מאַרקסן, און די רוסישע פּלעכאַנאָוויסטן און מענשעוויקעס, דידאָזיקע נאָכפאָלגער פון סטרוּוען, וועלכע ווילן זיך האַלטן פאַר מאַרקסיסטן, וואָלטן נאָך עפּשער געקאָנט דערקלערן, אַז דערדאָזיקער אויסדרוק האָט זיך בײַ מאַרקסן „אַרויסגעכאַפּט". זיי האָבן דערפירט דעם מאַרקסיזם צו אַזאַ נעבעכדיק ליבעראַלער פאַרקריפּלונג, אַז אַכוץ דעם אַנטקעגנשטעלן די בורזשואַזע און פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע עקזיסטירט פאַר זיי קיין זאַך ניט, און אַפילו דאָסדאָזיקע קעגנשטעלן פאַרשטייען זיי ביז גאָר אויף אַ טויטן אויפן... אין אייראָפּע פון 1871 יאָר אָפן קאָנטינענט האָט דער פּראָלעטאַריאַט אין קיין איין לאַנד ניט אויסגעמאַכט קיין מערהייט פון פאָלק. די „פאָלקס"-רעוואָלוציע, וועלכע ציט ווירקלעך אַריין אין דער באַוועגונג די מערהייט, האָט געקאָנט זיין אַזאַ, ב ל ו י ז ווען זי זאָל אַרומכאַפּן סײַ דעם פּראָלעטאַריאַט, סײַ דאָס פּויערטום. בײַ'ע קלאַסן האָבן עס טאַקע געבילדעט דעמאָלט „דאָס פאָלק". ביידע קלאַסן זיינען פאַראייניקט דערמיט, וואָס „די ביוראָקראַטיש-מיליטערישע מעלוכישע מאַשין" אונטערדריקט, שטיקט, עקספּלואַטירט זיי.

צעקלאַפּן דידאָזיקע מאַשין, צעברעכן זי — אָט דאָס
איז דערווירקלעכער אינטערעס פונם „פאָלק“, פון דער מערהייט
זיינער, פון די ארבעטער און פון דער מערהייט פויערים, אָט דאָס
זיינען די „פארויסיקע באַדינגונגען“ פארן פרייען בונד פון די
אָרימסטע פויערים מיט די פּראָלעטאַריער, און אָן אַזאַ בונד איז
ניט פעסט די דעמאָקראַטיע און ס'איז אומעגלעך די סאָציאַליס־
טישע איבעראַנדערשונג“ (זע „מעלוכע און רעוואָלוציע“, ב. XIV
ט. 2, ז. ז. 327—328).
דידאָזיקע ווערטער לענינס טאָר מען ניט פארגעסן.
אַלזאָ, דאָס קענען איבערצייגן די מאַסן אַף זייער אייגענער דער־
פארונג אין דער ריכטיקייט פון די פּאַרטייאישע לאָזונגען דורכן צופירן
דידאָזיקע מאַסן צו די רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציעס, אַלס וויכטיקסטער
באַדינג פאַר געווינען אַף דער זייט פון דער פּארטיי די מיליאָנען אר־
בעטנדיקע, — דאָס איז די פערטע באַזונדערהייט פון דער טאַקטיק פון די
באָלשעוויקעס אינם פעריאָד פון צוגרייטן דעם אָקטיאַבר.
איך מיין, אַז דאָס געזאָגטע איז פולקום גענוג אַף קלאָר צו מאַכן
פאַר זיך די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דערדאָזיקער טאַקטיק.

## 4. די אקטיאבר־רעוואלוציע אלס אנהויב און פארהאנאכע פון דער וועלט־רעוואלוציע.

עס איז אָן צווייפל, אַז די אוניווערסאַלע טעאָריע פון א גלייכצייַ־
טיקער רעוואָלוציע אין די גרונט־לענדער פון אייראָפּע, די טעאָריע פון
אומעגלעכקייט פונם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, — האָט זיך
ארויסגעוויזן פאַר אַ קינסטלעכע, ניט לעבנספעאיקע טעאָריע. די זיבנ־
יאָריקע געשיכטע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד־
רעדט ניט פאַר, נאָר קעגן דערדאָזיקער טעאָריע. דידאָזיקע טעאָריע איז
ניט אָנעמבאַר ניט נאָר אַלס אַנטוויקלונגס־סכעמע פון דער אַלוועלט־
לעכער רעוואָלוציע, ווייל זי איז סויסער בעפיירעשע פאַקטן. זי איז נאָך
מער ניט אָנעמבאַר אַלס לאָזונג, ווייל זי פאַרבינדט, און ניט זי בינדט
פאַנאַנדער די איניציאַטיוו פון באַזונדערע לענדער, וועלכע באַקומען,
צוליב געוויסע היסטאָרישע באַדינגונגען, די מעגלעכקייט זעלבשטענדיק
דורכצורייסן דעם פראָנט פון קאַפּיטאַל, ווייל זי גיט אַ סטימול ניט פאַר
אַן אַקטיוון דרוק אַפן קאַפּיטאַל מיצאַד באַזונדערע לענדער, נאָר פאַר

אַ פאַסיוון אויסוואַרטן דעם מאָמענט פון „אַלגעמיינער אויפלייזונג“, ווייל זי קולטיווירט צווישן די פראָלעטאַריער פון באַזונדערע לענדער ניט דעם גייסט פון רעוואָלוציאָנערער אַנטשלאָסנקייט, נאָר דעם גייסט פון האַמלעטישע ספייקעס מיקויעך דעם, וואָס „טאָמער וועלן אַנדערע ניט אונטערהאַלטן“. לענין איז פולקום גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז דער ניצחון פונם פראָלעטאַריאַט אין איין לאַנד איז אַ „טיפישער צופאַל“, אַז „אַ גלייכצייטיקע רעוואָלוציע אין אַ ריי לענדער“ קאָן זיין בלויז „אַ זעלטענער אויסנאַם“ (זע „די פראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי“, 1918 יאָר, ז. 38).

אָבער די לענינישע טעאָריע פון רעוואָלוציע באַגרעניצט זיך ניט, ווי באַוואוסט, בלויז מיט איין זייט פון דער זאַך. זי איז צוזאַמען דערמיט אויך די אַנטוויקלונגס־טעאָריע פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציע *). דער ניצחון פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד איז ניט קיין זעלבשטענדיקע אויפגאַבע פאַר זיך אַליין. די רעוואָלוציע פונם זיגרישן לאַנד דאַרף זיך באַטראַכטן ניט ווי אַ זעלבשטענדיקע גרויס, נאָר ווי אַ הילפ־מיטל, ווי אַ מיטל אַף צו פאַרגיכערן דעם ניצחון פונם פראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער. ווייל דער ניצחון פון דער רעוואָלוציע אין איין לאַנד, אין געגעבענעם פאַל אין רוסלאַנד, איז ניט נאָר אַ פראָדוקט פון דער ניט גלייכמעסיקער אַנטוויקלונג און פראָגרעסירנדיקער צעפאַלונג פונם אימפעריאַליזם, זי איז צוזאַמען דערמיט אויך דער אָנהויב און די פאַרהאַנאַכע פון דער וועלט־רעוואָלוציע.

עס איז אָן צווייפל, אַז די אַנטוויקלונגס־וועגן פון דער וועלט־רעוואָלוציע זיינען ניט אַזוי איינפאַך, ווי דאָס וואָלט זיך געקאָנט אויסדוכטן פריער, פאַרן ניצחון פון דער רעוואָלוציע אין איין לאַנד, איידער ס'איז אויפגעקומען דער אַנטוויקלטער אימפעריאַליזם, וואָס איז „אָן ערעוו פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע“. ווייל ס'איז אויפגעקומען אַזאַ נייער פאַקטאָר, ווי דער געזעץ וועגן דער ניט גלייכמעסיקער אַנטוויקלונג פון די קאַפיטאַליסטישע לענדער, וואָס ווירקט אין די באַדינגונגען פון אַנטוויקלטן אימפעריאַליזם, וואָס דערדאַזיקער געזעץ רעדט וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון קריגס־צוזאַמענשטויסן, וועגן דער אַלגעמיינער אָפשוואַכונג פונם אַלוועלטלעכן פראָנט פונם קאַפיטאַל און וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ ניצחון פונם סאָציאַליזם אין באַזונ־

*) זע מיין בראשור „וועגן לענינען און לעניניזם“.

דערע לענדער. ווייל ס'איז אויפגעקומען אזא נייער פאקטאר, ווי דאס גוואלטיקע סאוועטישע לאנד, וואס ליגט צווישן מאירעוו און מיזרעך, צווישן דעם צענטער פון דער פינאנציעלער עקספלואטאציע פון דער וועלט און דער ארענע פון קאלאניאלער אונטערדריקונג, וואס בלויז מיט זיין עקזיסטענץ רעוואלוציאניזירט עס די גאנצע וועלט.

דאס זיינען אלץ אזוינע פאקטארן (איך רייד ניט וועגן אנדערע, וויניקער וויכטיקע פאקטארן), וועלכע קאנען ניט דיסקאנטירט ווערן באם שטודירן די וועגן פון דער וועלט־רעוואלוציע.

פריער פלעגט מען געוויינלעך מיינען, אז די רעוואלוציע וועט זיך אנטוויקלען דורך א גלייכמעסיקן „צייטיק ווערן" פון די עלעמענטן פון סאציאליזם, פריער פון אלץ אין די מער אנטוויקלטע, אין די פארגע־שריטענע לענדער. איצט נויטיקט זיך דידאזיקע פארשטעלונג אין וועזנטלעכע ענדערונגען.

„די סיסטעם פון אינטערנאציאנאלע באציאונגען, — זאגט לענין, — האט זיך געשאפן אזא, אז אין אייראפע איז איינע פון די מעלוכעס פארשקלאפט דורך די מעלוכעס—פארשקלאפערינס; דאס איז דייטשלאנד. דערנאך איז א ריי מעלוכעס, און דערצו פון די האמע אלטע מעלוכעס פון מאירעוו, האבן זיך צוליבן ניצאכן ארויסגעוויזן אין אזוינע באדינגונגען, ווען זיי קאנען זיך באנוצן מיט דעמדאזיקן ניצאכן פאר א גאנצער ריי ניט וויכטיקע הא־נאכעס זייערע אונטערדריקטע קלאסן, — האנאכעס, וועלכע ציען דאך אפ די רעוואלוציאנערע באוועגונג אין זיי און שאפן א געוויסע ענלעכקייט פון א „סאציאלן שאלעם".

„אין דערזעלביקער צייט איז א גאנצע ריי לענדער: דער מיז־רעך, אינדיע, כינע א. א. וו. זיינען גראד צוליב דער לעצטער אימ־פעריאליסטישער מילכאמע אינגאנצן ארויסגעשלאגן געווארן פון זייער וועג. זייער אנטוויקלונג איז אינגאנצן אוועק לויטן אלגע־מיין־אייראפעאישן קאפיטאליסטישן מאסשטאב. אין זיי האט זיך אנגעהויבן די אלגעמיין־אייראפעאישע אירונג. און פאר דער גאנצער וועלט איז איצט קלאר, אז זיי האבן זיך ארייינגעצויגן אין אזא אנט־וויקלונג, וואס קאן ניט ניט ברענגען צו א קריזיס פונם גאנצן אל־וועלטלעכן קאפיטאליזם".

דעריבער איז אין צוזאמענהאנג מיט דעם „וועלן די מאי־רעוו־אייראפעאישע לענדער פארענדיקן זייער אנטוויקלונג צום

סאָציאַליזם ניט אַזוי, ווי מיר האָבן זיך געריכט פריער. זיי וועלן זי פאַרענדיקן ניט דורך אַ גלייכמעסיקן „צייטיק ווערן" פונם סאָציאַליזם אין זיי, נאָר דורך דער עקספּלואַטאַציע פון איינע מעלוכעס דורך אַנדערע, דורך דער עקספּלואַטאַציע פון דער ערשטער מעלוכע פון די, וואָס זיינען באַזיגט געוואָרן בעשאַס דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פאַרבונדן מיט דער עקספּלואַטאַציע פונם גאַנצן מיזרעך, און דער מיזרעך איז, פון דער אַנדערער זייט, ענדגילטיק געקומען אין אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג גראַד צוליב דער דאָזיקער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און האָט זיך ענדגילטיק אַריינגעצויגן אינעם אַלגעמיינעם קרייז־גאַנג פון דער אַלוועלטלעכער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג" (זע „בעסער ווייניקער, נאָר בעסער", 1924 יאָר, ז. ז. 33—34).

אויב מע זאָל דערצו צוגעבן דעם פאַקט, וואָס ניט נאָר די באַזיגטע לענדער און קאָלאָניעס ווערן עקספּלואַטירט דורך די זיגערישע לענדער, נאָר אַז אויך אַ טייל פון די זיגערישע לענדער פאַלט אַריין אינעם קרייז פון עקספּלואַטאַציע מיצאַד די אַמערסטן מעכטיקע לענדער־זיגערינס, אַמעריקע און ענגלאַנד; וואָס די סטירעס צווישן די דאָזיקע אַלע לענדער איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פון צעלייגונג פונם אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם; וואָס אַכוץ די דאָזיקע אַלע סטירעס זיינען נאָך פאַראַן און ס'אַנטוויקלען זיך די טיפסטע סטירעס אינעווייניק אין יעדן פון די דאָזיקע לענדער; וואָס די אַלע סטירעס ווערן פאַרטיפט און פאַרשאַרפט דורך דעם פאַקט, וואָס זייט באַ־זייט מיט די דאָזיקע לענדער עקזיסטירט די גרויסע רעפּובליק פון די ראַטן, — אויב מע זאָל דאָס אַלץ נעמען אין אַכט, וועט דאָס בילד פון דער אייגנאַרטיקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע ווערן מער אָדער ווייניקער פול.

וואָרשיינלעכער פון אַלץ איז, אַז די וועלט־רעוואָלוציע וועט זיך אַנטוויקלען דורך דעם, וואָס רייען נייע לענדער וועלן אַף אַ רעוואָלוציאָנערן אויפן אָפּפאַלן פון דער סיסטעם פון אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, באַ דער אונטערשטיצונג פון די פּראָלעטאַריער פון די דאָזיקע לענדער, מיצאַד דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס. מיר זעען, אַז דאָס ערשטע אָפּגעפאַלענע לאַנד, דאָס ערשטע זיגערישע לאַנד ווערט שוין אונטערגעשטיצט דורך די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן ביכלאַל פון די אַנדערע לענדער. אָן דער דאָזיקער אונטערשטיצונג וואָלט זי זיך ניט געקאָנט האַלטן. עס איז אָן צווייפל, אַז

דידאָזיקע אונטערשטיצונג וועט זיך אַליין פארשטאַרקן און אָנוואַקסן. עס איז אָבער אויך אָן צווייפל, אַז די אַנטוויקלונג גופא פון דער וועלט־רע־וואָלוציע, דער פּראָצעס גופא פון אָפּפאַלן פונם אימפּעריאַליזם מיצאַד אַ ריי נייע לענדער וועט פאָרקומען אַף אַזויפיל גיכער און גרינגלעכער, אַף וויפל גרינגלעכער עס וועט זיך פארפעסטיקן דער סאָציאַליזם אינם ערשטן זיגערישן לאַנד, אַף וויפיל גיכער דאָסדאָזיקע לאַנד וועט פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ באַזע פון ווייטערדיקער פאַנאַנדערוויקלונג פון דער וועלט־רעוואָלוציע, אין אַ הויבער פון דער ווייטערדיקער צעלייגונג פונם אימפּעריאַליזם.

אויב ס'איז ריכטיק די האַנאַכע, אַז דער ענדגילטיקער ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אינם ערשטן באַפרייטן לאַנד איז אומעגלעך אָן די אַלגעמיינע אָנשטרענגונגען פון די פּראָלעטאַריער פון עטלעכע לענדער, איז פּונקט אַזוי ריכטיק, אַז די וועלט־רעוואָלוציע וועט זיך פאַנאַנדערוויקלען אַף אַזויפיל גיכער און גרינטלעכער, אַף וויפל ווירק־לעכער עס וועט זיין די הילף פונם ערשטן סאָציאַליסטישן לאַנד פאַר די אַרבעטער און האָרעפּאַשנע מאַסן פון אַלע איבעריקע לענדער.

אין וואָס דאַרף זיך אויסדריקן דידאָזיקע הילף?

זי דאַרף זיך אויסדריקן, ערשטנס, אין דעם, אַז דאָס זיגערישע לאַנד „זאָל דורכפירן דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס עס איז מעגלעך צו פאַרווירקלעכן אין איין לאַנד אַף צו אַנטוויקלען, אונטערשטיצן, אויפ־וועקן די רעוואָלוציע אין אַלע לענדער" (זע „די פּראָלעטאַ־רישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי", 1918 יאָר, ז. 88).

זי דאַרף זיך אויסדריקן, צווייטנס, אין דעם, אַז דער „זיגערישער פּראָלעטאַריאַט" פון איין לאַנד זאָל, „עקספּראָפּריאירנדיק די קאַפּיטאַ־ליסטן און אָרגאַניזירנדיק בא זיך די סאָציאַליסטישע פּראָדוקציע, אויפ־שטיין... קעגן דער איבעריקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, צוציענ־דיק צו זיך די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַנדערע לענדער, אויפהויבנדיק אין זיי אָן אויפשטאַנד קעגן די קאַפּיטאַליסטן, אַרויסטרעטנדיק, אין פאַל פון נויטווענדיקייט, אפילע מיט מיליטערישער קראַפט קעגן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן און קעגן זייערע מעלוכעס" (זע „קעגן שטראָם", ז. 130).

די כאַראַקטעריסטישע באַזונדערהייט פון דערדאָזיקער הילף מי־צאַד דעם זיגערישן לאַנד באַשטייט ניט דערין, וואָס עס פאַרגיכערט דעם ניצאָכן פון די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע לענדער, נאָר אויך דע־

רין, וואָס פאַרלייכטערנדיק דעמדאָזיקן ניצאָכן, זיכערט זי דערמיט אַליין דעם *ענדגילטיקן* ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אינם ערשטן זיגערישן לאַנד.

וואָרשיינלעכער פון אַלץ איז, אַז אינם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער וועלט־רעוואָלוציע וועלן, צוגלייך מיט די נעסטן פון אימפּעריאַליזם אין באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער און מיט דער סיסטעם פון דידאָזיקע לענדער אין דער גאַנצער וועלט, וועלן באַשאַפן ווערן נעסטן פון סאָציאַליזם אין באַזונדערע סאָוועטישע לענדער און אַ סיסטעם פון דידאָזיקע נעסטן אין דער גאַנצער וועלט, דערביי וועט דער קאַמף צווישן דידאָזיקע ביידע סיסטעמען פאַרפולן די פאַנאַנדערוויקלונגס־געשיכטע פון דער וועלט־רעוואָלוציע.

> „ווייל, — זאָגט לענין, — ס'איז ניט מעגלעך קיין פרייע פאַראייניקונג פון די נאַציעס אינם סאָציאַליזם אָן אַ מער אָדער ווייניקער לאַנגן, אַקשאָנעטדיקן קאַמף פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן מיט די אָפּגעשטאַנענע מעלוכעס“ (זע „קעגן שטראָם“, ז. 130).

די אַלוועלטלעכע באַדייטונג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע באַשטייט ניט נאָר דערין, וואָס זי איז אַ גרויסער אָנהויב פון איין לאַנד אין דער זאַך פון דורכרייסן די סיסטעם פון אימפּעריאַליזם און דער ערשטער נעסט פון סאָציאַליזם אינם אָקעאַן פון אימפּעריאַליסטישע לענדער, נאָר אויך דערין, וואָס זי איז דער ערשטער עטאַפּ פון דער וועלט־רעוואָלוציע און אַ מעכטיקע באַזע פאַר איר ווייטערדיקער פאַנאַנדערוויקלונג.

ניט גערעכט זיינען דעריבער ניט נאָר די, וואָס, פאַרגעסנדיק וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, דערקלערן זיי דעם ניצאָכן פונם סאָציאַליזם אין איין לאַנד פאַר אַ ריין נאַציאָנאַלע און נאָר נאַציאָנאַלע דערשיינונג. ניט גערעכט זיינען אויך די, וואָס, געדענקענדיק וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, זיינען זיי נויטע צו באַטראַכטן דידאָזיקע רעוואָלוציע, ווי עטוואָס פּאַסיווס, וואָס איז באַרופן בלויז צו באַקומען שטיצע פון דרויסן. אינדערעמעסן איז ניט נאָר די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע נויטיקט זיך אין אונטערשטיצונג מיצאַד דער רעוואָלוציע פון אַנדערע לענדער, נאָר אויך די רעוואָלוציע פון דידאָזיקע לענדער נויטיקט זיך אין אונטערשטיצונג מיצאַד דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, קעדיי צו פאַרגיכערן און אַ רוק טאָן פאָרויס די זאַך פון אַראָפּוואַרפן דעם אַלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם.

17 דעקאַבר 1924 יאָר.

# אינהאַלט.

## צו די פראַגן פון לעניניזם.

זייט



## די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע און די טאַקטיק פון די רוסישע קאָמוניסטן.